# דראמאטישע שריפטען

פון

## שלום אש

(נאַציאָנאַלע דראַמען)

Dramas
Sholem Ash
Volume II

באַנד II

אַרויסגעגעבן פון שלום אַש קאָמיטע
ווילנא — ניו-יאָרק ═══ 1922

MADE IN POLAND
Pedag. B. Kletzkin, Wilno

# אינהאַלט:

שלום אַש

# משיח׳ס צייטען

## א צייטשטיק אין דריי אקטען.

פינפטע דורכגעזעהענע און פערבעסערטע אויפלאַגע.

געווידמעט דעם אָנדענקען פון דער ערשטער אויספיהרערין פון דער ראָלע יוסטינע, דער אומשטערבליכער וויערע קאָמיסאַרזשעווסקאַ.

# פערזאנען:

**רב חנן,** אן אלטער בעל-הבית אין א קליין שטעדטיל.

**מלכה'לע,** זיין ווייב, א בכבוד'ע בעל-הבית'טע.

**ברוך אָדער באָריס,** זייער עלטערער זוהן, א ווארשעווער סוחר.

**העלענע,** זיין ווייב, א גרויסארטיגע מאדאם.

**יוסף,** זייער יונגערער זוהן, אן ארימער קליין-שטעדטילדיגער סוחר.

**חנה'לע,** זיין ווייב, א פראָסטע יודינע.

**אָנקעל קאַהן,** דייער איידעם, א דייטש יודעל פון לייפציג.

**טאַנטע בערטאַ,** זייער טאָכטער, אָנקעל קאהנ'ס פרוי, שוין א דייטשע „פרוי“.

**אנדרזשיי,** ברוך און העלענעס עלטערער זוהן, א סטודענט אין דער שווייץ.

**יוסטינע,** זייער טאָכטער, א סטודענט אין קראקוי.

**בן-ציון,** יוסף און חנה'לעס עלטערער זוהן, א געוועזענער בית-מדרש-בחור.

**חיים,** זייער מיטעלסטער זוהן, א בעל-מלאכה.

**משה,** זייער יונגסטער זוהן.

**רחל לאה,** אן אלטע דינסט ביי מלכה'לען.

# ערשטער אקט.

## סצענע:

א ברייטע, לאנגע בעל-הבתישע שטוב. רעכטס א טיר פון די אינעווייניגסטע צימערן אריינצוגעהן, לינקס א צווייטע טיר פון דרויסען אריינצוקומען. די טיר איז פערמאכט מיט אן אייזערנעם פרענט און פעסט פערשלאסען. די טיר עפענט מען נאר אויף, ווען גרויסע געסט קומען צו פאהרען, אדער פורים ביי דער סעודה. אין הינטערגרונד דריי גרויסע פענסטער, פערהאנגען מיט רייכע פארהאנגען. צווישען די פענסטער א ברייט שויבען-שענקעל, פון וועלכען עס קוקען ארויס זילבערנע כלים, פארצעלייענע טעלער א. אז. וו. צווישען די צווייטע פענסטער א צווייט שויבען-שענקעל מיט ספרים. די ווענט בעהאנגען מיט בילדער פון רבנים, אויסגענייהט אויף קאנווע: ר' עקיבא איגר'ס בילד, דער ווילנער גאון און נאך פאטאגראפיעס. אין מיטען צימער א ברייטער לאנגער טיש, בעדעקט מיט א ווייס טישטוך, איבער וועלכען עס הענגט אראב א גרויסער אלטער הענגלייכטער. דער טיש איז ארומגעשטעלט מיט אויסגעבעטע פאטערשטולען. אויבען אן ביים טיש צוויי טיפע פאטער-שטולען פאר טאטע-מאמע. ארום די ווענט אן אלטע קאנאפע מיט קישעלעך. קליינע קארטען-טישלעך ארומגעשטעלט מיט שטולען. איבערהויפט איז צו דערקענען דאס רייכקייט פון אן אלטען בעל-הבית א סוחר, וואס האט געהאט בוטע צייטען. א זומערדיגער פריהמארגען.

### מלכּה׳לע

שבת׳דיג אָנגעטאָן, אין אַ ברייט-זיידען קלייד מיט פאַלדען, אַ רייכע ברייטע הויב, אויפ׳ן שטערן אַ „באַנד" מיט צירונג, און אויפ׳ן הארץ דאָס הארץ-ברעטעל מיט אַ גאָלדערנער „קאַלע". נעמט ארויס די זילבערנע לייכטער פון שויבען-שרענקעל און שטעלט זיי אויס איבער׳ן טיש.

זיי זיינען געקומען צו פאָהרען, די קינדערלעך, פון אַלע פיר עקען וועלט, צום אַלטען טאַטען, צו דער אַלטער מאַמע.

### רחל לאָה.

אַן אַלטע יודיגע אין מלכּה׳לעס יאָהרען, מיט בעוואקסענע האָרצעלעך אויף דער געמבע, אָנגעטאָן אין מלכּה׳לעס אָבגעטראָגענע זאַכען, העלפענדיג דער בעל-הבית׳טע.

דעם לעצטען מאָל דעם טאַטען זעהן, דער מאַמען אָבקוקען.

### מלכּה׳לע.

פאַרוואָס האָסטו מיך נישט אויפגעוועקט, רחל לאָה?

### רחל לאָה.

ביינאַכט זענען זיי געקומען. מיט זעהר לייכטע טריט האָבען זיי אין דעם צימער אַריינגעטרעטען, געוואונקען צו מיר, אַז מען זאָל קיין וואַרע נישט מאַכען. זיי האָבען זיך געהייסען אין דער אַפּע-צינע פיהרען, וואו זיי האָבען פערבראַכט די יונגע יאָהרען. דאָ וועלען זיי איבערנעכטיגען, יעדערער בעזונדער. צו מאָרגענס וועלען זיי זיך בעגריסען.

### מלכּה׳לע.

מיט אַ מאָל זענען זיי געקומען? ווי זעהען זיי אויס?

### רחל לאָה.

יעדער בעזונדער מיט זיין ווייב און קינדערלעך; יעדער איז אין

אַ בעזונדער שטוב אָבגעגאַנגען די רעשט נאַכט פערבערענגען אין דער שטיל, אַז ער זאָל נישט דעם צווייטען וועקען.

מלכּה׳לע

מיט טרערען אין די אויגען.

אַז איך האָב יאָ די זכיה געהאַט צו דערלעבען דעם היינטיגען טאָג, די קינדער אַרום דעם טאַטען צו זעהן מיט זייערע ווייבער און קינדער—קאָן איך שוין רוהיג די אויגען צומאַכען. צו רחל לאה׳ן. מיר האָבען אונזער טענצעל אָבגעטאַנצט, איצט זאָל דאָס יונגוואַרג געהן אין קאָן.

רחל לאָה.

דעם גרויסען טיש וועט מען אויסרוקען. טוט דאָס. דאָס זילבערן געפעס וועט מען פון שויבען-שענקעל אַרויסנעמען, אַזוי ווי צום סדר. טיילט אַרום טיש גאָפּעל-מעסער. יעדען זיין גאָפּעל מיט זיין מע-סער, פּונקט ווי דענסטמאָל, ווען דאָס איז נאָך אין דערהיים געווען. ברוכ׳ן, דעם בכור—ביים טאַטען. דאָ אויף דער זייט, ביי דער מאַמעשי, ביילעלען דאָס כּלה-מיידעל. און דאָ ביי דער מאַמע צו לינקס דאָס הויכע בענקעל פאַר׳ן בן-זקונים׳ל, וואָס צופּט דער באָ-בען ביי דער גאָמבע.

מלכּה׳לע.

און פאַר׳ן בן-זקונים׳לס ווייב מיט די קינדערלעך האָסטו, רחל לאָה, פערגעסען?

רחל לאָה.

פון זינען מיר גאָר אַרויס. וואָס דען מיינט איהר, בעל-הבית׳טע? דאָס וואָס איז ווייט פון די אויגען—איז ווייט פון הארץ.

מלכּה׳לע.

ווי זאַלץ אין וואַסער, אַזוי איז זיך דאָס צעשוואומען. וועמען עס האָט דער ווינט אין ווייטע לענדער געטראָגען, וועמען עס האָט די פאַליע איבער׳ן ים געיאָגט. קוקט אויף די פאָטאָגראַפיעס. איז אַן אייניקעל צוגעקומען, האָבען זיי דעם טאַטען מיט דער מאַמע אַ פאָטאָגראַפיע געשיקט; חומש אָנגעהויבען—אַ פאָטאָגראַפיע געשיקט; 10

בר-מצוה געוואָרען—אַ פאָטאָגראַפיע. געה האָב נחת פון פּאַפירענע קינדער, פון פּאַפירענע אייניקלעך... אָט שטעה איך דאָך פאַר דעם. זי געהט צו צו די פאָטאָגראַפיעס. וויין צו דעם, לאַך צו דעם— און דאָס שווייגט תמיד. עס איז דאָך פּאַפּיר, פּאַפּיר איז דאָך שטום!

## רחל לאָה

ווישט זיך די אויגען.

ווי דער איינזאַמער שטיין אויפ׳ן וועג—אין וואַסער... דריי קינדער זענען פון מיינע געדערים אַרויס. וואו האָב איך זיי? אַמעריקע איז מיר אַ לעבעדיג בית-הקברות געוואָרען, די קינדער מיר צו־ גענומען. קומט אַ יום-טוב, אַ שבת צום טיש גרייטען, גלויבט מיר, בעל-הבית׳טע, מען פערגעסט זיך אַמאָל און מען שטעלט אַן אי־ בעריג טעלערל פאַר אַ קינדס וועגען אויך אַנידער.

ר ב ח נ ן, ד י פ אָ ר י ג ע.

## רב חנן

קומט אַריין פון שטוב רעכטס. אַ הויכער, אַלטער יוד פון אַ יאָהר אכציג, מיט הויכען שטערן און אַ לאַנגער ווייסער באָרד.

שעמען זאָלט איהר זיך, ווייבער, שטעהען און וויינען, און די קינדער זענען דערווייל אָנגעקומען צו געהן. מען הערט אָנקומענדיגע טריט פאַר דער טיר. לאָז מען אויפעפענען די יום-טוב׳דיגע טיר. עמט אַראָב דעם פרענט פון דער טיר, פראַלט זי אויף און רופט. קומט אַריין! קומט אַריין, מיינע פערזייהטע קינדער פון אַלע פיר עקען וועלט!

ב אָ ר י ס, ה ע ל ע נ ע, י ו ס ט י נ ע, א נ ד ר ז ש י, ד י פ אָ ר י ג ע.

## ב אָ ר י ס

קומט אַריין, אַ דייטשגעקליידטער יוד.

פּאָטער, ליבער פּאָטער!

## רב חנן.

ברוך, ברוך, מיין זוהן! קושט זיך מיט איהם.

מלכה׳לע

מיט טרערען.

ברוכ׳ל, ברוכ׳ל. קושט זיך מיט העלענען.

באָריס.

אָך מוטער, ליבע מוטער! קושט זיך מיט דער מוטער.

רחל לאָה

פון דער זייטען.

אויף די הענט האָב איך דאָס ארומגעטראָגען, און חדר אריין גע-פיהרט און פון חדר געבראַכט. די באָבע האָט צוקערלעך אויפ׳ן וועג ביי פייגעלען געקויפט.

רב חנן.

לאָז מיך דיינע קינדער זעהן.

באָריס.

אַנדרזשיי, דאָס איז דער גרויס-פאָטער.

העלענע

ווי פאָרשטעלענדיג.

אַנדרזשיי, מיין עלטסטער זוהן, סטודענט אין בערן.

אַנדרזשיי

קושט זיך מיט׳ן זיידען.

זיידע, זיידע.

מלכה׳לע

פון דער ווייטען, האלבליך צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ. מיט טרערען אין די אויגען.

מיין טאַטע אַנשעל, דער מורה-הוראָה פון שטאָדט,—פון קבר האָט ער געדאַרפט אַרויסצוגעהן און זעהן זיין אייניקעל.

אַנדרזשיי

צוגעהענדיג צו דער באָבע און איהר די הענט קושענדיג.

וואָס הייסט נאָך איהם אַנדרזשיי.

רב חנן
צופט דאָס הייב ביים ארבעל.
לאָז געמאַך, לאָז געמאַך.
מלכה׳לע
קושט דאָס אייניקעל אין קאָפּ.
עס שניידט ביים האַרץ.
באָריס,
ווייזענדיג אויף דער טאָכטער.
און דאָס איז די באָבע יענטעלע.
העלענע.
מיין טאָכטער יוסטינע, סטודענטקע אין דער אוניווערסיטעט אין קראַקוי.
יוסטינע
קושט דעם זיידען די הענט.
זשאַדזשאָ! זשאַדזשאָ
מלכה׳לע.
לאָזט מיך קושען די מאַמע יענטעלע, אין ליכטיגען גן-עדן זאָל זי זיין. קושענדיג דאָס אייניקעל. האָסט דיך, טאָכטערל, גאָרנישט גע־דאַרפט שעמען מיט דער באָבעס נאָמען, אַ פרומע יודינע געווען.
יוסטינע
צו אנדרזשיי, ווייזענדיג אויפ׳ן זיידען.
קוק, איך האָב עס באַלד געוואוסט, אַז דער זיידע אונזערער מוז אַזוי אויסזעהן. בעטראַכט די געזיכט-ציגע, דעם שטערן, די נאָז, — מען דערקענט באַלד, אַז די פוילישע זון, וואָס גליהט די זאַמדיגע ווייכסעל-בערג, האָט דאָס פנים אָבגעברענט. אַזוי האָבען געמוזט אויסזעהן די יודען אין קאַזמיערזשעס צייטען. ווייזענדיג אויפ׳ן זיידעס באָרד. די באָרד, אַך די באָרד! גלויב מיר, ווען וויספּיאַנסקי זעהט די זילבערנע האָר פון דער באָרד, וואָלט ער געמאָלט אַ בילד, אַ יוד, אַ „פּאַן״ פאַר׳ן נאַראָדאָווע מוזעאום אין קראַקע.

**רב חנן**

צום זוהן.

ווענען וואָס דערצעהלט זי דאָס אַזעלכעס?

**באָריס.**

זיי האָבען דאָרט זייערע אייגענע געשעפטען.

**העלענע**

צו מלכה׳לען.

פון די שקאָלעס דאָרט, וואָס זיי לערנען, פון די ביכער דאָרט, וואָס זיי לייענען. אין די פענסטער ווייזען זיך פנים׳ער פון יודען אין שווארצע היט, יודינעס אין טיכער איינגעהילט, ארייַנקוקענדיג אין שטוב. טריט קומען אָן.

**רב חנן.**

שווייגט, שווייגט!

יוסף, חנה׳לע, בן-ציון, משה, חיים, די פאָריגע.

**יוסף**

אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ שניט פון הינטען, אין אַ יודישען הוט; חנה אין אַ שייטעל, בעל-בתיש געקליידט.

**רב חנן.**

שלום עליכם. צעקושען זיך.

**יוסף.**

עליכם שלום, טאַטע.

**מלכה׳לע**

צו חנה׳לען.

ס׳קאָצעל קומט!—דעם אויווען צעברעכען.

**חנה׳לע.**

גוטען אָוועגד, שוויגער לעבען. צעקושען זיך.

**יוסף**

צום טאַטען.

דאָס זענען מיינע קינדער. חיים, דער בכור, פון די גרויסע מאַכערס...

חיים

א הויכער צוואנציג-יאָהריגער בחור אין א רוסישע שווארצער רובאשקע מיט לאנגע האָר, געהט צו צום זיידען. גיט'ן די האנט, דערנאָך דער באָבען.

יוסף.

דאָס איז דער צווייטער, בן-ציון, דער ברענגט מאָרגען משיח'ן און פיהרט אונז אַלע אַראָב קיין ארץ-ישראל.

בן-ציון

א הויכער, אין לאנגען שניט-ראָק, שוין אין אן אויפגעשטעלטען קראגען, און א ציוניסטי שער שפּילקע אין דער קלאפּע, געהט צו צום זיידען.

שלום! צו דער באָבע. שלום!

רב חנן.

עליכם שלום.

משה.

און איך הייס משה, כ'בין דיין אייניקעל. שלום עליכם, זיידע. גיט'ן די האנט. גוט מאָרגען, באָבעשי. קושט דער באָבען די הענט.

רב חנן.

דאָ הערט מען כאָטש אַ יודיש וואָרט, געלויבט צו גאָט דערפאַר.

באָריס

שטעלט פאָר די שוועגערין חנה'לע פאַר דער פרוי.

דעם ברודער'ס פרוי, חנ... ווי אַזוי? חנה'לע דאַכט זיך?

העלענע

טוט אָן די פּעסנע אויף דער נאָז, פון דער ווייטען.

ועהר מיר אַנגענעם.

חיים

צו משה'ן אין דער זייט.

קוק מיר אָן די מומע, דו זאָלסט מיר לעבען...

משה.

מען דאַרף זי פרעגען, ווי זי הייסט.

בן-ציון

שטעקט אויס די האנד צום פעטער.

שלום. דערנאָך צו דער מומען. שלום, שלום.

העלענע

שטעקט איהם אויס די האנד פון דער ווייטען, צוועקנויגענדיג דעם קאָפּ.

אַך, ווי דאָס איז נישט ערצויגען.

יוסף

צו חיימ'ען אין אַ זייט.

געה בעקען דיך מיט דער מומע.

חיים

הויך.

צו וואָס דאַרף איך זיי, די אָנגעפּרעסענע בורזשואַזען, לאָזען זיי קומען צו מיר.

יוסף

שטיל.

שווייג, זיי הערען דאָך.

חיים

הויך.

לאָזען זיי הערען, וועמען געהט עס אָן?

בן-ציון

צו יוסטינען.

שלום, עלמה.

יוסטינע.

איך פערשטעה זיי נישט. רעדען זיי פּויליש.

בן-ציון.

איך זאָל רעדען פּויליש? וואָס בין איך: אַ יוד צי אַ פּאָליאַק? איך בין אַ יוד, רעד איך יודיש, ווי אונזערע עלטערן האָבען גערעדט, ווען זיי זענען געווען אין זייער הייליג לאַנד.

יוסטינע.

אָבער היינט וואו זיינען זיי? דאַ, אויף פוילישער ערד, דאַרפען זיי רעדען פויליש

בן־ציון

צו משה'ן.

וואָס זאָגסטו צו דער אָבגעפליקטער הושענה? אודאי אַן אַסימיליאַטאָרקע.

באָריס

צו יוסף'ן.

ווי געהט עס, ברודער?

יוסף.

ווי אַ יוד אַ סוחר.

באָריס.

און מיט פרנסה וואָס הערט מען?

יוסף.

ווי גאָט העלפט.

העלענע

קומט צו.

פאַרוואָס האָט דער שוואָגער די קינדער נישט געלאָזט בילדען?

יוסף.

היינט איז אַרויסגעקומען אַן אַנדער צייט, מיין ברודער. נישט מיר בילדען די קינדער, היינט בילדען די קינדער די עלטערן.

אנקעל קאהן, טאנטע בערטא, די פאָריגע.

אָנקעל קאַהן

קלאפט אין טיר

מאַן קאָן?

רב חנן.

זייט מוחל.

**אָנקעל קאַהן,**

אַ נידעריג יודעל מיט אַ דיק בייכעל, אַ נידעריגען פעטען האלז, וועלכער ציהט זיך ארויס פון אַ גומענעם קאָלנער, קומט אריין מיט דער מאַדאַם קאַהן, זיין פרוי, וועלכע איז אָנגעטאָן אין אַ ברייט־קאָרענקאָווע קלייד. האַלטען זיך אונטערן אָרעם. ער מיט אַ גרויסען טשעמאָדאַן, שפּריכט דייטש. גוטען מאָרגען, מיינע ליעבען לויטע.

**רב חנן.**

ברוך בואַכם.

**אָנקעל קאַהן**

קושט די האַנט רב חנן.

קיסע די הענדע מיינעם ליעבען שוויגער־פאַטער. צו מלכּה׳לען. ווי בעפינדעט זיך די ליעבע שוויגער־מוטער? ווייזט אויף דער פרוי. האַבע איך איהרע טאָכטער, גאָט זיי דאַנק, לייטליך אויסגעשטאַטעט, ווי? איך גלויבע, זי האַט זיך ניכט איבער מיר צו קלאַגען. ניכט וואַהר, מיין ענגעל?

**די טאַנטע בערטאַ.**

וואַהר, מיין ליעבער, וואַהר, מיין גאַטע. קושט זיך מיט דער מוטער.

**אָנקעל קאַהן.**

וויר האַבען געוואונשען די ליעבע שוויגער־עלטערן צו אונז אויף אַ ברית צו לאַדען, האַט עס דער הער גאָט ניכט געשטאַטעט. ניכט וואַהר, מיין גאַטין?

**רב חנן**

צו דער טאָכטער.

בעקען דעם מאַן מיט דער משפּחה.

**אָנקעל קאַהן**

מיט פּאַראַד.

מיט דער פאַמיליע! איזט אונז זעהר אַנגענעהם. נעמט די טאַנטע בערטאַ אין אָרעם. דען זאָ לעסט עס דער הער מאָזעס אין דער הייליגער שריפט שרייבען: דעסוועגען זאָל דער מאַן זיין פאַטער און מוטער פערלאַסען... ניכט וואַהר, מיין ענגעל? געהען ארום, נעאַרעמטערהייט צו דער משפּחה.

העלענע

שטעלט פאַר די קינדער מיט א געשנירעלט פיסקעל.

אָנקעל קאַהן און טאַנטע בערטאַ.

אַנדרזשיי

גיט דעם פעטער מיט דער מומען די האַנט.

אָנקעל קאַהן

אַנגענעם, אַנגענעם, היבשער יונגע, יאַ, יאַ, היבשער יונגע.

העלענע.

טאָכטער, דער אָנקעל קאַהן מיט דער...

יוסטינע

אוועקדרעהענדיג זיך

כ'האָב געהערט, געהערט, זעהר מיר אַנגענעם. שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

דער אָנקעל מיט דער טאַנטע געהען ווייטער אַרום געאַרעמט.

יוסף

שטעלט פאַר זיין ווייב חנה'לע, חנה'לע בויגט זיך און שמייכעלט גוטהאַרציג צו די זיהן.

דאָס איז דער אָנקעל קאַהן מיט דער טאַנטע בערטאַ

בן-ציון

גיט דעם אָנקעל די האַנט.

שלום, שלום, וואָס הערט מען דאָרט ביים פעטער—זיינען ביי אייך דאָ ציוניסטען? צאָהלט דער אָנקעל אַ שקל אין זיין פעראיין?

דער אָנקעל.

אין דער קולטוס-געמיינדע, דענקען זי? יאַ, זעלבסטפערשטענדליך, דאַן אויך דעם חזן און דעם שוחט.

בן-ציון.

אָבער אַ שקל נעמט איהר, פעטער? יוסף שלעפּט דעם אָנקעל אוועק, דער לעצטער ווארפט אַרונטער דעם קאָפּ.

אָנקעל קאַהן.

יאַ, יאַ, אין בעסטער אַרדנונג, מיין הער.

יוסף

צו משה׳ן.

דער אָנקעל קאַהן און די טאַנטע בערטאַ.

משה.

דער פעטער פיני מיט דער מומע רייזע, הייסט עס אויף יודיש.

אָנקעל

קוקט איהם אַן, היל עפּעס זאָגען. יוסף שלעפּט איהם ווייטער צו חיים׳ן.

יוסף

צו חיים׳ן.

בעקען דיך מיט דעם אָנקעל קאַהן און מיט דער טאַנטע בערטאַ.

חיים

גיט איהם די האַנט, וואוילערייש.

האָט איהר עפּעס, פעטער, א פאַבריקעלע? וויפיעל אַרבייטער אַרביי-
טען ביי אייך?

אָנקעל.

יאַ וואָהל, מיין הער, האַבע גאַלאַנטערי-פאַבריקאַציאָן, זעהר היבש.
זינד זי פיליכט אַבנעהמער? האַבע צופעליגערווייזע פּראָבען
מיר. טאַפּט זיך ביי דער קעשענע. יוסף שלעפּט איהם אַוועק.

אָנקעל

אַוועקגעהענדיג.

ויר ווערדען נאָך דאַריבער שפּרעכען.

רב חנן.

לאָזען מיר זיך צום טיש זעצען. כ׳האָב אייך עפּעס צו זאָגען.

יוסף

צו באָריס׳ן.

לאָזען מיר צום טיש געהן, דער טאַטע האָט אונז עפּעס צו זאָגען.
צווישען די איבעריגע שעפּטשעט מען. דער זיידע האָט אונז עפּעס צו זאָגען.
מען זעצט זיך אַרום טיש. רב חנן אויבען אָן, אַרום איהם די קינדער, יעדער

נאָך זיין שטאַנד. מלכּה'לע מיט דער טאָכטער און די שניר פון דער צווייטער זייט מיש, דער עולם שטילט זיך איין.

**רב חנן.**

איך האָב אייך דאָ געלאָזט אַהער בעטען, מיינע קינדער. איך האָב זיך זעהן געוואָלט מיט אייך דאָס לעצטע מאָל פאַר מיין טויט. צו ווייט איז מען געוואָן איינער פון אַנדערן ביים לעבען. יעדען האָט דאָס מזל געטראָגען אין אַן אַנדער מדינה, און איינער האָט דעם צווייטען נישט געקענט. איידער איך וועל די אויגען פערמאַכען, וויל איך אייך אָנקוקען, זעהן וואָס איז פון מיר אַרויסגעקומען, אין דער וועלט געגאַנגען. צווישען עולם ווערט זעהר שטיל. די ווייבער כליפּען.

**אָנקעל**

נעמט ארויס א טיכעל און פערשטעלט זיך די אויגען.

ווי מיין זעליגער פאַטער, ווי זעליגער פאַטער.

**רב חנן.**

מיינע ביינער זענען צו שוואַך און פערלאַנגען רוה; גענוג אָבגעהאָרעוועט אויף דער וועלט. מיינע ביינער בענקען אַהין צו דעם הייליגען לאַנד פון אונזערע אבות.

**אָנקעל,**

צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

אין לאַנד אונזערער הערען פּראָפעטען אונד קעניגע.

**רב חנן.**

איך האָב זיך מיט אייך זעגענען געוואָלט פאַר אונזער אַראָבפאָהרען קיין ארץ ישראל, וואו מיר, איך און אייער מאַמע, וועלען פערברענגען אונזער רעשט טעג אויף תורה און עבודה, ביז גאָט וועט בעוויליגען און וועט אונזערע אויגען פערשליסען אויף אייביג.

די ווייבער וויינען.

**די טאַנטע**

הויך מיט א געוויין.

טאַטע, טאַטע, ווי פערלאָזט דו אונז?

פאַלט ארויף אויף דער מוטערס האלז.

**ה ע ל ע נ ע.**

פאָהרט די שוועגער פון אונז אָב אויף לאַנג, און ווייט?

**ר ב ח נ ן.**

איך לאָז אייך איבער אין גלות, פערזייהט און פערשפרייט, ביז גאָט וועט זיך מרחם זיין איבער אונז און וועט אונז פון גלות אויס-לייזען און אַהיים פיהרען.

**אַ נ ד ר ז ש י י**

צום זיידען, פערוואונדערט.

אַהיים פיהרען? און אונזער היים וואו איז?

**ר ב ח נ ן**

שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף באַריס'ן.

אַז מיר וועלען עס זוכה זיין, און אַז עס וועט קומען די ריכטיגע מינוט, וועט גאָט שיקען זיין משיח'ן און אונז אַהיים, קיין ארץ-ישראל, פיהרען.

**אָ נ ק ע ל.**

יאַ, יאַ, אין דאָס הייליגע לאַנד אונזערער הערען פראָפעטען, ווי דער פרעדיגער פלעגט צו זאַגען אין דער זינאַגאָגע יעדען זאָנאַבענד.

**ב ן - צ י ו ן**

פאלט אריין אין די רייד.

אונזער היים איז ציון. אָבער נישט דאָס ציון פון די אַלטע לייט, וואָס פאָהרען אַראָב שטאַרבען און וואַרטען אויף משיח'ן, ביז ער וועט צו תחית המתים וועקען. זייער ציון איז אַ בית-הקברות, אַן אַלט בית-המדרש, וואו מען לעגט אַריין אַלטע שמות... מיר, יונגע, מיר וואַרטען ניט אויף משיח'ן, אונזער משיח זיינען מיר אַליין. נאָך ציון וועלען מיר געהן, מיט אונזער בלוט איהרע פעלדער בעפעטען מיט אונזער שווייס זי אָנטרינקען.

צווישען עולם ווערט א בעוועגונג, איינער קוקט אויפ'ן צווייטען.

חיים

אין דער זייט.

אַז מיר ווילען לעבען, ווילען מיר זעהן.

רב חנן.

וואָס רעדען זיי דאָס אַזעלכעס?

יוסף.

פון זייערע געשעפטען דאָרט.

רב חנן

אויף בן-ציון צו יוסף'ן.

איך פערשטעה שוין גאָרנישט, ניבאָ טאָ איז עס אַ יוד, ניבאָ טאָ איז עס נישט קיין יוד. וויל נאָך ציון און גלויבט נישט אין משיח'ן, רעדט לשון-קודש און עסט אָהן אַ הוט. האָט איהר געזעהן אַביסעל אַ יוד?

יוסף.

דאָס זענען פון די נייע יודען, נייע יודען.

משה

צו רב חנן און יוסף'ן.

עס איז שוין אַלט געוואָרען דאָס יודישקייט, מען דאַרף עס איבער-באַקען, איבערפרישען.

באָריס

צו חנן, אויף חיים'ן און בן-ציון.

דאָס זענען אָט פון יענע יונגע לייט, וואָס איבער זיי קומט אויף יודען אַלדאָס שלעכטס.

העלענע

צו טאַנטע בערטאַ.

עס איז קיין וואונדער ניט, עס האָט קיינע ערציהונג, קיינע בילדונג.

קוקט אויף חנה'לען און שאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ.

אָ נ ק ע ל  ק אַ ה ן

הויבט זיך אויף מיט פּאַראַד.

מיינע דאַמען, מיינע הערען! איך פערשטעה עס גאַנץ גענוי, ווען זאָלכע לויטע, ווי שוויגער-פאַטער, ווילען די רייזע נאַך ציון מאַכען. איך בין אויך פראָמער יודע אונד גלויבע אין ציון, ווי דער פּרע-דיגער פלעגט עס צו זאַגען אין דער זינאַגאָגע יעדען זאָנאַבענד. אָבער זאָלכע יונגע לויטע, ווי די, וואָס זאָלען זי דען אין ציון מאַכען? קיינע פאַבריקאַציאָן, קיינע אינדוסטריע, ניכט וואַהר, מיין ענגעל?

ט אַ נ ט ע  ב ע ר ט אַ.

וואַהר, מיין ליעבער, וואַהר, מיין גאַטע.

אַ נ ד ר ז ש י י

חי צו זיך.

ציון? איך האָב עס נאָך קיין מאָל נישט געזעהן, נישם אין חלום, נישט אין דער וואָהר, נאָך דעם קיינמאָל נישט געבענקט,—איך פיהל נישט, אַז דאָס איז מיין, און איך וויל דאָך צו וועמען גע-הערען, נאָך וואָס בענקען, וואָס דאָס ליעבען...

י ו ס ט י נ ע.

אויף פּוילישער ערד בין איך געבוירען, אויף פּוילישע לאָנקעס האָב איך מיך ערצויגען. די זון, וואָס בעגיסט די פּוילישע פעלדער, האָב איך צום ערשטען מאָל דערזעהן ביי מיין געבוירען ווערען. מיין היים איז דאָס לאַנד, וועלכעס האָט מיך אין זיין שויס גע-האַלטען, פון זיין מילך געזויגען. קיין אַנדער היים, קיין אַנדער לאַנד קען איך נישט, האָב איך נישט.

ה ע ל ע נ ע

צו טאַנטע בערטאַ, ווייזענדיג אויף יוסטינען.

זי האָט שטודירט אין אויסלאַנד, געבילדעט ווי אַ מאַנספערזאָן. עס האָט גענוג געלד אָבגעקאָסט

ט אַ נ ט ע  ב ע ר ט אַ.

מען בעמערקט עס באַלד אין איהר שפּרעכען און איהר בענעהמען—אַזוי פיין, אַזוי איידעל, נישט ווי די דאָ. ווייזט אויף יוסף׳ס קינדער.

ה ע ל ע נ ע.

איין צרה נאַר, זי וויל נישט חתונה האָבען. וויפיעל מען רעדט דאָס שדוכים אויס...

ט אַ נ ט ע ב ע ר ט אַ.

עס איז היינט אַזאַ מאָדע, עס וועט איבערגעהן. זי וועט עלטער ווערען, וועט זי קליגער ווערען.

ה ע ל ע נ ע.

געבע גאָט, געבע גאָט

ב ן - צ י ו ן

פאַר דער צייט, ווען טאַנטע בערטאַ מיט העלענען שמועסען צווישען זיך, ווענדט זיך ב ן - צ י ו ן, שאָקלענדיג דעם קאָפּ, צו העלענען.

אוי, גלות-קינדער, אוי, גלות-קינדער.

מ ש ה.

אַ גלות-מאַמע איז אויך אַ מאַמע.

ב ן - צ י ו ן.

מען דאַרף זי זיך פון האַרץ אויסרייסען און אוועקוואַרפען,—עס איז אַ מאַמע אַ קאַליקע.

מ ש ה.

אַ מאַמע אַ קאַליקע איז פאָרט אַ מאַמע.

ח י י ם

הויבט זיך אויף, וואַרפט די ווערטער אַהין צום טיש.

היימאַט און פאָטערלאַנד—דאָס איז אַ געשעפט פאַר אייך, בורזשואַזיע. מיר, אַרבייטער, פראָלעטאַריאַט, האָבען נישט קיין היימאַט, די גאַנצע וועלט-בורזשואַזיע איז אונזערע שונאים; אונזער פאָטערלאַנד איז דאָרט, וואו דער פעטער קאַפּיטאַליזמוס טרינקט נישט פון אונזערע ביינער דעם מאַרך אויס...

י ו ס ף

הע, טאַטע, אַרויסגעקומען אַ צייט, די קינדער רעדען פאַר די עלטערן.

מ ש ה.

אַז די עלטערן האָבען נישט אָבגערעדט פאַר די קינדער, מוזען די קינדער פאַר די עלטערן אָברעדען.

ר ב חנן

הויבט זיך אויף פון טיש, ציהט מיט זיינע צוויי זיהן באָריס'ן און יוספ'ן, דרעהט זיך איבער דעם שטוב.

עס האָט דאָרט אין דרויסען געמוזט אַן אַנדער וועלט ווערען. וואָס טוט זיך דאָס אַזעלכעס דאָרט, ביי אייך אין די גרויסע שטעדט?

י ו ס ף.

טאַטע, מיך פרעג. ביי אונז אין די הינטערגעסלעך ריהרט עס שוין שטאַרק אָן, ביי זיי—ווייזענדיג אויף באָריס'ן—דאָרט אין די הויכע פענסטער, הויבט עס ערשט אָן צו דערגרייכען, איינציגווייז, ביז עס וועט צו זיי קומען, ווי אַ דונער אומגעריכט.

ר ב חנן.

עפּעס שטאַרבט אָב, עפּעס ווערט געבוירען. וואָס, ווייס איך נאָך אַליין נישט.

י ו ס ף.

אָבער, טאַטע, וואָס וועט דער סוף זיין?

ב אָ ר י ס.

ע, אַז דאָס וועט חתונה האָבען, וועלען זיי אָן אַלע נאַרישקייטען פערגעסען.

י ו ס ט י נ ע

פאַר דער צייט, ווען רב חנן רעדט מיט די קינדער, הערען זיך פון טיש אָבגעהאַקטע ווערטער, ווי זי קריגט זיך מיט'ן אַנקעל קאַהן.

די גאַסטפריינדליכקייט פון די פוילישע קעניגען... איהר, אַלס געסטע פונ'ם לאַנד...

אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן.

ענטשולדיגען זי בעסטענס. בעמערקט, ווי רב חנן רעדט מיט די צוויי זיהן, בעאומרוהיגט זיך. אַבער איך בין אַ גוטער בירגער... ליעבע מיין פאַ-

טערלאַנד... ענטשולדיגען זי בעסטענס. אין א זייט צו טאַנטע בערטאַ. דער פאַטער שפּריכט מיט דען קינדערן, געוויס איבער די ערבּ-שאַפּט. צו יוסטינען. יאַ, יאַ, וויר ווערדען נאָך דאַריבער שפּרע-כען. ער בעהט אהין צום שווער מיט די זיהן. זאַ, זאַ, פאַטער. ווי בעפינדעט זיך דער ליעבער פאַטער, עטוואַס אָבגעצעהרט. דער פאַטער זאָלטע צו אונז קאָמען, וויר ווירדען צוזאַמען די רייזע אינס וואַרעמבאַד געמאַכט. עס ווערע דעם פאַטער גוט געדיענט ניכט וואַהר, מיין ענגעל?

**טאַנטע בערטאַ.**

וואַהר, מיין ליעבער, וואַהר, מיין גאַטע.

**מלכה׳לע**

בעהט אַב פון טיש מיט חנה׳לען.

פון איין בעט איז דאָס אַלץ אַרויסגעקומען, אונטער איין באַלקען זיך אויפגעכאָוועט, אין דער וועלט געגאַנגען, יעדער בעזונדער מיט זיין חלום צוריקגעקומען...

**אָנקעל קאַהן**

צו דער שווינער-מוטער.

אַך, די ליעבע מוטער פערלעסט אונז שאָן. ווי בעטריבט דאָס מיין הערץ!

**אַנדרזשיי.**

וואָס איז געבליבען ביים טיש, הויבט זיך אויף, קוקט זיך ארום פערוואונדערט, און פרעגט אלעמען.

זאָגט מיר, גוטע מענשען, וואָס בין איך? צו וועמען גע-הער איך? איהר, וואָס האָט מיר לעבען געגעבען, וואָס פאַר אַ ציל האָט איהר מיר אין לעבען געגעבען? וועמען זאָל איך ליעב האָבען, וועמען זאָל איך פיינט האָבען? וועמען זאָל איך געהערען?

**בן-ציון.**

דו קעהרסט דעם יודישען פאָלק אָן, דיין לאַנד איז ציון...

**אַנדרזשיי.**

קיינמאָל נאָך האָב איך ציון נישט געזעהן, קיינמאָל נאָך האָב איך נאָך ציון ניט געבענקט

יוסטינע.

דער ערד, וועלכע האָט דיך אויפגעצויגען—דער קעהרסט דו אָן.

אַנדרזשיי.

די ערד, וועלכע האָט מיך אויפגעצויגען, איז ניט מיין און קיינמאָל נישט מיין געוועזן!

חיים

רופט צו איהם.

די מלחמה פון אָרימען פראָלעטאַריאַט רופט צו דיר.

אַנדרזשיי.

די מלחמה פון אָרימען פראָלעטאַריאַט איז אַן אַלגעמיינער שטאָדטגאָרטען. איך דאַרף אַ שלאָף-שטוב דעם קאָפּ אַנידערצולעגען.

חיים

געהט אָב, סאַרקאַסטיש שמייכלענדיג.

אַנדרזשיי

שטעהט אין מיטען שטוב און בעט זיך ביי אלעמען.

זאָגט מיר, גוטע מענשען, וואָס בין איך? צו ועמען געהער איך? גיט מיר אַ ציל אין לעבען! לאָזט מיך איבער עפּעס ליידען, עפּעס ליעבען! געהט צו צום זיידען. זיידע, דו פאָהרסט אַרויס קיין ארץ-ישראל,—צו וואָס?

רב חנן.

איך וויל קומען צו קבר אָבות אין דעם לאַנד פון אונזערע עלטערן!

אַנדרזשיי.

און אונז דאָ וואָס לאָזט דו איבער?

רב חנן.

אמונה.

אַ נ ד ר ז ש יי.

און וואו האָב איך זי?

ר ב ח נ ן.

פרעג דעם טאַטען, וואָס האָט דיך אויפגעצויגען.

אַ נ ד ר ז ש יי

צום פאַטער.

טאַטע, זאָג דו, וואָס דו האָסט מיר לעבען געגעבען, וואָס פאַר אַ ציל האָסטו מיר אין לעבען געגעבען?

ב אָ ר י ס.

ענדיג אויף דאָקטאָר און נעם אַ כלה מיט אַ סך נדן, וועסטו האָבען אַ ציל אין לעבען.

פאָרהאַנג פאַלט פלינק.

# צווייטער אקט.

## סצענע:

אין רב חנג'ס גאַרטען. רעכטס צווישען געדיכט בעזעצטע בוימער א װעראַנדע מיט האַלב-אויפ-געשטעלטע פליגעל, דאכט זיך, א סוכה. אויף דער װעראַנדע איז געגרייט צום טיש—אויף טיי. אין הינטער-גרונד ווייט א הויכער וואלדי-גער באַרג; פון צווישען די בוימער זעהט מען ארויס צוויי הויכע שפיצען מויער פון אן אל-טער חורבה, וועלכע זעהען אויס, ווי אומגע-הייערע קוימענס, וואָס שטייגען צווישען די בוימער. ארום באַרג זעהט מען, ווי עס ציהט זיך א שמאָלע ווייטע וועג-סטעזגע, בעזעצט מיט הויכע, אוראַלטע טאָפּאָלען. אין מיטען גאַרטען א הויכע לינדען-אַליי. גראָז-בענק אונטער די בוי-מער. לינקס א פּלויט מיט א פּאַרטקע. ווייטער לאַנגע פעלדער, וואָס ווערען פערלוירען אין א טאָל, דערנאָך ציהען זיי זיך באַרג-אויף.

ר ב  ח נ ן מיט מ ל פ ה ׳ ל ע ן, אָנגעטאָן אין שבת׳דיגען, האַלטען צוויי גרויסע סידורים, געהען איבער דער לינדען־אַליי אין גאָרטען צו דער פאָרטקע צו. נאָך זיי געהט נאָך אַ יונגעל פון אַ יאָהר ניין, אין אַן אַטלעסענעם קאַפאָטיל, מיט געגרייזעלטע פאות׳לעך, טראָגט נאָך נאָך זיי צוויי גרויסע סטעאַרין־ליכט. נאָך זיי געהט נאָך ר ח ל ־ ל אָ ה, ווישט זיך די אויגען מיט׳ן פאַרטוך. שפּעטער די משפּחה. די אַלטע פערלאָזען דעם גאָרטען דורך דער פאָרטקע, נאָד זיי דער יונגעל מיט די ליכט.

ר ח ל ־ ל אָ ה

צוריקגעהענדיג.

גערען די אַלטע אויפ׳ן בית־הקברות, געזעגענען זיך מיט די טויטע ביים לעבען. דעם טאַטען מיט דער מאַמען דאָ אין קבר איבערגעלאָזט. אין אַ פרעמדער מדינה פאָהרען זיי שטאַרבען, וואו משיח וואוינט... אַבגעהענדיג. זיי געהען, די אַלטע, אויפן בית הקברות צו בעטען ביי די טויטע פאַר די לעבעדיגע.

מ ש ה

צו רחל־לאָה׳ן.

וואָס רעדט איהר דאָס צו זיך, באָבעשי?

ר ח ל ־ ל אָ ה.

וואָס דאָס האַרץ טוט וועה, און קיין אַנדערער פיהלט עס נישט.

זעצט זיך מיט משה׳ן אין אַ ווינקעל, אויף אַ גראָז־באַנק.

ט אַ נ ט ע  ב ע ר ט אַ

פערבעט די געסט אויף דער ווערצנדע.

וויר ביטען שען! ערלויבען זי דאָך צום טעע!

אַלע, אויסער בן־ציון און אַנדרזשיי, וועלכע זיינען עפּעס פערטאָן אין אַ שמועס, געהען צו דער ווערצנדע.



3 ש. אַש.—משיח׳ס צייטען

ה ע ל ע נ ע

נעמט אן אנדרזשיי פאר׳ן ארבעל.

קום דאָך מיט.

אַ נ ד ר ז ש י י.

איך דאַנקע, מאַמאַ, באַלד.

אַלע זעצען זיך ארום טיש. אַנקעל קאהן צווישען העלענען און טאַנטע בערטען. טאַנטע בערטע גיסט אַן גלעזער טיי. העלענע העלפט איהר צו, שטעלען ארום און בעטען צו טרינקען. די מאַנספארשוינען שמועסען צווישען זיך זעהר ווארים. די פרויען נעמען אויך אַנטייל. חנה׳לע פיהלט זיך פרעמד, האָט מורא מיט אַן אבער צו ריהרען. העלענע קוקט אויף איהר זעהר רחמנות׳דיג און בעט זי בוטמוטיג.

ה ע ל ע נ ע

דערלאַנגט דעם שוואָגער קאהן אַ גלאָז טיי.

ערלויבען זי, שוואָגער.

אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן.

דאַנקע בעסטענס. אַן די קינדער דערקענט מאַן די גוטע מוטער. צום שוואָגער. עס איזט קיין וואונדער, דאַס די קינדער זאָ ערצאָגען זינד, ווען מאַן זאָלכע איינע מוטער האָט. נון, נון. צום טייב מיט אַ געלעכטערל. אַך, ווען דו די מעגליכקייט העטעסט דיינען אדעל דיינען קינדערן איינצופלעסען!

ה ע ל ע נ ע

שטופט די שוועגערין, האַלב אין סוד.

זאָג׳ן, אַז עס איז נאָך נישט פערפאַלען, זאָל ער נאָר נישט זיין אַזאַ שמייגערײדע. אַ געלעכטער.

אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן

מיט׳ן פינגער צו העלענען.

פערשעמען זי מיך ניכט זאָ אין דער געגענוואַרט מיינער פרוי. האַקט אַב, דערמאַנענדיג זיך. אַבער יאַ, וואַס איך זאַגען וואָלטע איהרער יוסטינען, וואו איז דאַס גוטע פרוילײן יוסטינע? איך האַבע איהר דאָך אַ געהיימניס צו פערטרויען.

העלענע

וואָס דאָס אַזעלכעס?

אָנקעל קאַהן.

איהר נור זעלבסט צו פערטרויען. רעדען צווישען זיך.

באָריס

צו חנה׳לען.

פאַרוואָס טרינקט די שוועגערין דעם טיי נישט?

חנה

שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, שמייכלענדיג.

יוסף.

לאָז זי געמאַך, אַ יודינע, זי זעהט אַזעלכע פּריצים אין קאַפּעלושען, האָט זי דרך-ארץ.

טאַנטע בערטאַ

טראָגט איהר אונטער אַ טאַץ מיט קאָנפיטורען.

ערלויבען זי דאָך, גוטע פרוי. פויזע.

באָריס

צו יוסף׳ן.

נו, וואָס מאַכען דאָרט דיינע בחורים?

יוסף.

זיי לערנען דאָרט תּורה מיט דיין זוהן

העלענע

האלב ברוגז׳ליך.

מיין זוהן דאַרף נישט זייער תּורה, זאָלען זיי זיך ליעבער לערנען ביי איהם, ווי מענשען צו בעהאַנדלען.

יוסף.

זיי וועלען זיך ביי איהם לערנען, ווי מענשען צו בעהאַנדלען, פאַר דעם אָבער וועט ער זיך ביי זיי לערנען, ווי זיך אַליין צו בע-האַנדלען. פויזע.

בּאָריס.

וואָס, זיי האָבּען זיך שוין אַליין פערזאָרגט, און יעצט האָבּען זיי שוין גאָרנישט מעהר וואָס צו טון, נאָר די וועלט צו פערזאָרגען?

יוסף.

אַז זיי וועלען נישט די וועלט פערזאָרגען, ווער דען וועט זי פערזאָרגען? מיר אודאַי נישט. מיר זענען פערטאָן מיט דאַגות פּרנסה, מיר האָבּען ניט קיין צייט צו דעם, אַזוי איז עס תּמיד. אַז זיי וועלען עלטער ווערען, וועלען זיי אַרבּייטען אויף עולם הזה, און זייערע קינדער אויף עולם הבאָ. אַזוי איז עס. מיר לעבּען היינט אין נישט קיין זיכערער צייט. די צייטען צווישען די עלטערן און די קינדער טוישען זיך, בּיסט נישט בּטוח, בּרודער, אויב דיין פּראַצע, וואָס דו האָרעוועסט אַזוי דערויף טאָג און נאַכט, וועט נישט איבּערגעגעבּען ווערען אין די הענד פון דיינע שונאים...

בּאָריס

איראָניש.

אַזוי... זאָרגען זיי, הייסט עס, פאַר מיר און פאַר מיין קינד.

יוסף.

טאַקע אַזוי, טאַקע אַזוי.

ביים טיש ווערט שטיל. יעדער טוט זיך דאָס זייניגע, שטיל שווייגענדיג. דער אָנקעל קאָהן רוימט זיך אין אויער מיט העלעגען. עס הערט זיך, ווי אנדרזשיי רעדט מיט בּן-ציונ'ען עפּעס וועגען אַן ענין, אין דער לינדרען-אַליי קעגענאיבּער דער וועראַנדע. העלענע רופט אייניגע מאָל אנדרזשיי'ען טיי טרינקען. ער איז פערטיפט אין שמועס און הערט נישט.

בּן-ציון

דורך דער צייט, ווען אויף דער ווערענדע ווערט שטיל, הערט מען זיין שטים, ווי ער שמועסט מיט אנדרזשיי'ען.

עס איז קיין וואונדער נישט. זיי זענען תּמיד פרעמד געווען פון דעם אַלעם. מען האָט אַייך פערשפּיעלט מיט אַזאָלכעס, וואָס קעהר אָן אַייך נישט און איז נישט אַייער. אַייערע עלטערן, אָנשטאָט צו בּעשאַפען עפּעס נייעס פון דעם, וואָס איז אַייער, האָבּען גענומען

פאַרטיגס פון פרעמדע און אייך דערמיט אָנגעמאָסטען. און איהר האָט זיך געפרעהט אויף פרעמדע חתונות און מיטגעטרויערט אויף פרעמדע לויות. עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס זיי דאָרט האָבען געקוקט אויף אייך, ווי אויף אַ פרעמדען. איהר האָט אין דעם קאָן גאָרנישט אַריינגעשטעלט, ווען איהר וואָלט געוואָלט, האָט איהר זיך געקאָנט אויפהויבען און אַוועקגעהן. אַזוי לעבען קאָן מען מעהר נישט...

**אַנדרזשיי.**

איך האָב דאָס פרעמדע ליעבען געוואָלט, פאַר מיינס האָב איך עס געוואָלט מאַכען. אַ מענש מוז דאָך צו וועמען געהערען, מוז דאָך עפּעס האָבען, און איך האָב געזוכט, ביי אַלע געטער געזוכט; איך האָב געוואָלט ליעבען, זיין צוגעבונדען צו דעם, ווייל עס איז מיין.

**בן-ציון.**

דאָס פרעמדע איז אויף אייך געפּלאַצט, צעריסען זיך און פון אַלע זייטען אָבגעפאַלען. אייער טאַטע, אַ יוד אַ סוחר, האָט נישט קיין צייט צו בעקלערען, וועלכע איז מיין און וועלכע איז דיין. דאָס ערשטע און בעסטע, און עס טויג צום געשעפט,—נעמט מען אַריין אין שותפות... ביז אהער האָט מען געקאָנט מיטטאַנצען מיט דער חתונה. יעצט, ברודער, איז געקומען אַ צייט, אַז מען מוז וויסען, צו וועמען מען געהערט.

**אַנדרזשיי.**

און איהר ווייסט שוין, צו וואָס איהר געהערט?

**בן-ציון.**

איך געהער צו מיר אַליין. איך דאַרף קיינעם ניט איבערצייגען, אַז איך קאָן אויך פיהלען, ליעבען, און נישט בלויז, ווייל איך האָב אין דעם אַן אַנדער מיין, נאָר ווייל דאָס בין איך. איך ווייס, ווער מיין טאַטע איז, און דעם געדאַנק, ווער איך בין, וועל איך איבער-געבען מיין קינד, אַז ער זאָל ניט זיין אַן אומגעלייזטער חלום פאַר אַנדערע, נאָר אַ ליכט פאַר זיך אַליין.

א נ ד ר ז ש יי

גאָך אַ לאַנגען נאָכדענקען.

איך פּערשטעה אַייך נישט, יונגער מענש. האָרכט אויס: נעכטען האָב איך אַייך נישט געקענט, היינט זעה איך אַייך און רעד מיט אַייך, מאָרגען וועלען מיר זיך ווייטער צעגעהן אין דער וועלט אַריין. און אַזוי ווי מיר האָבען ביז נעכטען איינער פאַר דעם אַנ־דערן נישט עקסיסטירט, אַזוי וועלען מיר עס פון מאָרגען אָן ווייטער זיין. מיר לעבען איין מינוט אונטער איין שטיקעל וואָלקען, וואָס זיינע טראָפּענס נעצען אונז דורך בּיינאַנד... מיר זענען איי־ניקלעך פון איין זיידע, וואָס פאָהרט פון אונז מאָרגען אָב שטאַרבען אין אַ פרעמד לאַנד... צי האָט איהר עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אונז, אָט די אייניקלעך פון דעם איין זיידען, צוזאַמען בּעהעפטען? וואָס? זאָגט!

מ ש ה

בּעהט צו צו זיי און הערט זיך איין, וואָס זיי רעדען. אויף דער ווערצנדע ווערט שטיל.

ה ע ל ע נ ע

פון דער ווערצנדע צו אַנדרזשיי'ען.

ערלויבּ דאָך צו אונז אַהער. פּילייכט אַ טאַסע טיי?

אַ נ ד ר ז ש יי

מאַכט מיט דער האַנד.

ה ע ל ע נ ע

דעם קאָפּ אַוועקדרעהענדיג.

עס לוינט זיך טאַקע מיט די יונגען דאָס האַרץ אויסצורייסען!..

בּ אָ ר י ס.

זיי ווילען דאָך איהם דורכאויס ווייזען, וואָס זיי קענען.

י ו ס ף.

שווייג, שווייג, לאָז מען ליעבּער אויסהערען, וואָס דער בּחור איז זיך מתודה. אויף דער ווערצנדע ווערט שטיל.

א נ ד ר ז ש יי.

קאָנט איהר מיר געבען אַ ציל אין מיין לעבען? האָרכט אויס: צווי-שען אַנדערע האָב איך געלעבט, איך האָב געזעהן, ווי מענשען זענען זיך מוסר נפש פאַר דעם, וואָס איז זייערס. מענשען האָבען אַ שורש אין דער ערד, וועלכע האָט זיי אַרויסגעגעבען. איך האָב דאָס אַלץ מיטגעמאַכט מיט אַנדערע. געוויינט אויס טרויער, גע-רעש'ט אויס שמחה, און מיינט נישט, דאָס איז געמאַכט געווען. ניין, איך האָב עס געוואָלט ליעבען, נאָר איך האָב אין דעם ק יי ן א מ ו נ ה נ י ש ט געהאַט. נישט דערפאַר, ווייל איך בין שוין צו אַלט אָדער נאָך צו יונג אמונה צו האָבען. ניין, מיין האַרץ איז פול מיט ליעבע, איז פול מיט לעבען, און זעהענדיג, ווי אַנדערע גלויבען, ווי אַנדערע ליעבען דאָס, וואָס איז זייערס, האָב איך מיין קאָפּ צווישען די קניהען אייגעגעאָרעט און אַליין מיין נשמה אויס קנאה געגעסען... און אַליין מיר אין פּנים געשפּיגען: אומגליקליכער! וועה איז צו דעם זוהן, וואָס זיין טאַטע האָט איהם קיין ירושה נישט איבערגעלאָזט. האָרכט אויס: מיין האַרץ איז פול מיט אמונה. איך בין אַ כהן, וואָס זוכט אַ בית-המקדש. גיט מיר מיין גאָט, וועל איך אייך וועלטען אייגלעגען, וועלטען אויפמויערן.

ב ן-צ י ו ן.

און איך וועל אייך געבען. דאָס איז אייער פאָלק, אייער לאַנד. די וויסטע מאַמע ציון, וואָס איז צווי טויזענד יאָהר אַליין געווען, שטרעקט אויס איהרע הענד נאָך אַזעלכע פערשטויסענע קינדער.

א נ ד ר ז ש יי.

ווי זעהט דאָרט אויס אייער מאַמע ציון? צי ציהען זיך אַזעלכע גרינע פעלדער, ווי דאָ ביי אונז? צי בעגילדעט דאָרט די זון די זאַמדיגע ברעגעס פון דעם טייך? ווי הייסט ער דאָרט?

ב ן-צ י ו ן.

ירדן.

א נ ד ר ז ש יי.

ווי די ווייכסעל? צי ציהט זיך דאָרט אויס ווייט דער האָריזאָנט

און פערנעפּעלט די טאָפּאָלען-בוימער, ווי דאָ ביי אונז? ווי זעהט דאָרט אויס די מאַמע ציון?

מ ש ה

דערנעהנטערט זיך.

שווייגט, שווייגט,—מען פערצעהלט דעם קינד פון דער מאַמען, וואָס האָט איהם געהאַט.

ב ן - צ י ו ן.

איך האָב נאָך ציון נישט געזעהן, דאָך אין מיין האַרץ פיהל איך עס... די פעלדער, וואָס האָבען געהערט דוד׳ס געזאַנג...

מ ש ה

איבעררייסענדיג.

דער ציוניסטען-קאָנגרעס האָט אָנגענומען דעם אוגאַנדאַ-פּראָיעקט.

ב ן - צ י ו ן.

אויף אַ נאַכט-לעגער נאָר. מיט דעם פריגען טאָן. די פעלדער, וואו אונזערע הייליגע אָבות...

ח יי ם

נאָכמאַכענדיג דעמזעלביגען טאָן.

די ווילדע אַפריקאַנער, וואָס האָבען געגעסען גרינע טאַטערקע פון די בוימער אַראָב...

ב ן - צ י ו ן.

מענשען, וואָס האָבען גאָרנישט, קאָנען פון אַלץ לאַכען. צו אנדרזשיי׳ען. מיר ווילען גלויבען אין ציון און מיר מוזען גלויבען אין ציון. צו-זאַמענקניפּען די שנור פון היינט און די, וועלכע איז געוואָרען אָבגעריסען פאַר צוויי טויזענד יאָהר צוריק.

אַ נ ד ר ז ש יי.

און מיט די צחיי טויזענד יאָהר וואָס ועט זיין?

ב ן - צ י ו ן.

די צוויי טויזענד יאָהר זענען געווען לעבען פון גלות. מען מוז זיי

זיך אויסרייסען און אַוועקוואַרפען, אויסרייסען מיט געוואַלד און אָנהויבען לעבען אַ ניי לעבען.

משה.

דאָס קאָנען נאָר זאָגען אַזעלכע, וואָס לעבען אין דער היסטאָריע פון דער פערגאַנגענהייט אָדער אין דער פאַנטאַזיע פון דער צו-קונפט. מיר, מענשען פון היינט, מוזען קענען יעדעס קייטעל, וואָס קייטעלט צוזאַמען אונזער נעכטען און מאָרגען. יעדער דור פערלאַנגט דאָס זייניגע. קיין יאָהר, קיין טאָג, קיין שעה ווערט נישט פערפאַלען אין לעבען. מיר, יודען פון היינט, זענען נישט די יודען פון פאַר צוויי טויזענד יאָהר צוריק. מיר פערשטעהען זיי נישט און קענען זיי נישט. מיר זענען אויך נישט די יודען פון טויזענד יאָהר שפּעטער, מיר זענען מענשען פון היינט, וועל-כער איז געוועבט פון נעכטען און מאָרגען. איך ווייס נישט, ברודער, אז מאָרגען זאָל משיח קומען, צי וועט זיך נישט געפינען אַ שניידערל אין אַ קליין שטעדטיל, וואָס וועט זאָגען: אָהבתי את אשתי, און וויל נישט פערלאָזען דאָס בוימעל, וואָס שטעהט פאַר זיין פענסטער. וואָרום זעהסטו, די טראַגעדיע פון גלות איז דאָס, וואָס דער גלות ווערט די מאַמע פון דעם פערטריבענעם.

היים.

די טראַגעדיע פון גלות איז דאָס, וואָס דאָס פאָלק, וואָס האָט פערלוירען זיין זעלבשטענדיגקייט, הערט אויף צו זיין אינטערנאַ-ציאָנאַל. עס קוקט אויף אַלעמען פון דעם ענגען שטאַנדפּונקט פון זיינע פּריוואַטע נאַציאָנאַלע ליידען. קלאַפּט אנדרזשיי'ען אויפ'ן פּלייצע. מיט מיר רעד, ברודער. אָט וואָס מיר דאַרפען: יודען זענען אַ פּראָלעטאַריער-פאָלק; אונזערע ברידער ווערען אויסגעזאָגט פון די העכט דאָרט. ווייזט מיט'ן פינגער אויף דער ווערענדע. קוק אָן די שררים, דו זאָלסט מיר לעבען—זיצען זיך ביים טיש. מאָרגען וועט איהר שוין ניט עסען קיין מיטאָג, איך זאָל שוין אַזוי לעבען!

יוסף

פון דער ווערענדע.

פון וואַנען קומסטו דאָס, מיין זוהן?

ח יי ם.

פון דער מאַסע, טאַטע.

י ו ס ף.

וואָס האָסטו דאָס אַזעלכעס אָבגעטאָן?

ח יי ם.

כ׳האָב אָנגעגרייט פאַר אייך אַן אָנבייסען אויף מאָרגען, וועט איהר פערגעסען אָן מיטאָג צו שפּייזען, ווי דער אָנקעל זאָגט.

י ו ס ף.

וואָס דאָס אַזעלכעס?

ח יי ם.

כ׳האָב צוזאַמענגערופען דעם בעקער-פּראָלעטאַריאַט און מען שטרייקט, טאַטע-ברודער! צום פעטער באָריס. דער פעטער וועט מאָרגען צום בעקער-הויז געהן און צום אויוועז זיך שטעלען. און די מומע—צו העלענען—וועט די מיירע מאַכען, כלעבען,—צום אָנקעל קאהן—און דער אָנקעל וועט אַזוי גוט זיין די שינדעל זיך אָנטון און וואַסער ברענגען.

י ו ס ף.

וואָס זאָגט איהר נישט צו איהם!

ב אָ ר י ס

אויפהויבענדיג זיך פון טיש.

געה, קלייב נחת פון דיין בחור! געהט אַרונטער פון דער וועראַנדע מיט טאַנטע בערטאַ, נאָך איהם אָנקעל קאהן מיט העלענען, נאָך זיי דער איבעריגער עולם.

ח יי ם

געהט אויף דער וועראַנדע און קוקט נאָך די אָבגעהענדיגע געסט.

אַזוי, הייגט זענען מיר די שררים,—צו לאַנג האָט איהר אונז געלאָזט אויסהונגערן, אַז מיר זאָלען רעדען מיט אייך רוהיג.—צו לאַנג האָט איהר אונז שאַנד אָנגעטאָן—איבער אייך האָט אונז די וועלט פערמיאוסט, פיינט געהאַט—איבער אייך, איבער אייך...

### ב ן - צ י ו ן

צו אנדרזשיי.

ערלויבט נאָר... געהען אַב צוזאַמען שמועסענדיג, אין הינטערגרונד, צווישען די געדיכטע בוימער, הינטער דער וועראַנדע.

### י ו ס ף

געהט צו צו משה.

נו, נו, ווי געהט עס מיט יודישקייט?

### מ ש ה.

מען ציהט עס, טאַטע, אויף דער קאַפּול—אַ האַרט שטיקעל לעדער, עס גליטשט זיך ניט אַזוי לייכט... רעדען שפּאַצירענדיג.

### אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן

מיט העלענען דרעהען זיך איבער דער לינדען-אַלײ, שמועסען זעהר פעראינטערעסירט.

זעלבסטפערשטענדליך, איך בין אויך דער זעלבען מיינונג, גאַנץ דער זעלבען מיינונג. קינדער מיסען זיין דאָס גליק דער עלטערן, עלטערן דאָס גליק דער קינדער. יאַ, יאַ.

### ה ע ל ע נ אַ

רייסט איבער.

שוואָגער, זיי ווייסען עס פיעל בעסער פון מיר. זי זינד דאָך אַ וועלט-מענש, וועלכער האָט פיעל געזעהן, פיעל געהערט, און וועלכער, וועלכער... פערענדערט דעם טאָן און הויבט אָן צו רעדען פּראָסט יודיש. מילאָ, פאַרן שוואָגער דאַרף מען זיך דאָך נישט שעמען, מיר זענען דאָך היימישע מענשען. איידער מען דערלעבט דאָס אויפּ-צוציהען... וויפיעל מאָל ווערט די מאַמעס מילך געדונגען... עס ווייזען זיך איהר אין די אויגען טרערען. און אַז גאָט העלפט שוין יאָ, אַז עס קומט די צייט אַ שטיקעל נחת צו דערלעבען, קען דאָס קיין טאַ-טע, קיין מאַמע נישט. יעדער האָט זיך זיינע מאָדעס, פערדרעהט זיך זיין קאָפּ, גאָט ווייס מיט וואָס. מען האָט דאָס לערנען גע-לאָזט—די היינטיגע וועלט פערלאַנגט דאָס, צו אַ שדוך, צווישען מענשען... און דאָס, אַך! שוואָגער, אַ מויד פון צוויי און צוואַנציג יאָהר און קלערט נאָך גאָר נישט פון קיין תכלית.

אָנקעל קאהן.

עס געהט פאַריבער. קינדהייט, דאַס געהט דורך. ראַט איך די שוועגערין דאַס פרוויליין צו אונז צו גאַסט צו שיקען, זי ווירד דאָרט דעם יונגען מענשען קענען, לערנען, זיך אַמיזירען, אינס טעאַטער געהן, ער איזט זעהר אַיין זעהר ליעבענסווירדיגער יונגערמאַן.

העלענע.

הייגטיגע צייטען,—זאָל עס דעם שוואָגער נישט פערדריסען, יונגע מענשען, מען מוז גוט פאָרזיכטיג זיין, איידער מען געהט טון אַזאַ שריט. דאָס איז דאָך מיין איינציג קינד...

אָנקעל קאהן.

איך קאַן שאָן די שוועגערין פערזיכערן—עס איז אַ טיכטיגער יונ-גער מאַן, ער איז מיין קאָזען זעלבסט אויס פאָזען, דורכגעמאַכט די רעאַל-שולע. פיין, פאָרנעם אין געזעלשאַפט, האַט אַיין גוטען פאָסטען, עקספעדיטאָר אין איינעם גראָסען וואַרען-הויז — דריי טויזענד מאַרק יעהרליך. בעטעט מיט מיר אין אַיין טעמפעל. גוטער זאָהן זיינער עלטערן.

העלענע.

איך פערלאָז מיך אינגאַנצען אויפ'ן שוואָגער. צוערשט גאָט, דער-נאָך ער. וואָס קאָנען מיר זאָגען? אַז עס איז אַ זיווג פון הימעל, וועט עס ממילא ווערען אויסגעפיהרט. זאָל דער שוואָגער נישט פערגעסען: יוסטינע איז ביי אונז די איינציגע טאָכטער. מילא ווי-פיעל דאָס האָט אָבגעקאָסט איהר בילדונג, איהר ביכער לעזען, איהר פאָרטעפּיאַן שפּיעלען,—פון דעם רעדט מען שוין נישט. מיר וועלען זי דאָך פון אונז נישט אַרויסלאָזען מיט ליידיגע הענד.

אָנקעל קאהן.

זעלבסטפערשטענדליך, זעלבסטפערשטענדליך. יעדענפאַלס, יאַ וויפיעל זינד זי אין דער מיינונג איהרער טאָכטער מיטגיפט צו געבען? אום דאָס יונגען וועגען איז עס יאַ עגאַל, פיר איהן ווירד'ס ניכט פיעל מאַכען. נור פיר זיינע עלטערן. יעדער פאַטער זאָרגט דאָך פיר דאַס גליק זיינער קינדער.

ה ע ל ע נ ע.

מילא וואָס דער פאָטער וועט געבען... אוודאי נישט ווייניגער, ווי זיבען, אכט טויזענד רובעל, אין דעם וועל איך שוין זיין. דאָס איבעריגע צו צעהן וועל איך מיר שוין מוזען אַן עצה געבען, פאַר דעם איז מען דאָך א מאַמע. אין גוטע צייטען נעמט מען אראָב און מען בעהאַלט פאַר דאָס קינדס וועגען...

אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן

מיט א געלעכטערל.

די „קניפּלעך?"

ה ע ל ע נ ע.

רופט עס, ווי איהר ווילט, אַבי עס איז דאָ. און מיט אַן אויסשטייער וועט זי זיך אויך נישט דאַרפען צו שעמען אַפילו אין בערלין. גלויבט מיר.

אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן

רעכט שען, רעכט שען, וויר זינד דאָך שוין זאָ ווי זאָ פערוואַנדט, ניכט וואַר? זאָל אַבער דאס פרויליין ניכט דאַגעגען האַבען, וואַס דער ברויטיגאַם אויס דויטשלאַנד איזט? זי איזט דאָך זאָלך איינע פאָלין? און ביי אונז אין פּאָזען מוס מאַן יאַ גוטער דויטשע זיין, ווען מאַן אוואַנסירען וויל.

ה ע ל ע נ ע.

מילא פאַר פרנסה וועגען, איבער דעם, דאַכט זיך וועט קיין מניעה נישט זיין. מיר זענען דאָך אַלע יודען. וואָס איז דער חילוק?

אָ נ ק ע ל ק אַ ה ן.

יאַ, וויר זענען דאָך אַלע יודען.

ה ע ל ע נ ע.

כל זמן ווען עס שאַדט איהר נישט, זאָל זי זיך זיין, וואָס זי וויל. ביי אונז דאָ איז עס אַזאַ מאָדע צו זיין אַפּוילין. מיר אין איהרע יאָהרען זענען אויך אַזעלכע פּוילינס געוועזן. עס ווייזען זיך באַריס מיט טאַנטע בערטאַ, קומען אַן שפּאַצירענדיג פון יענער זייט אַליי. אָט ווען די

שווערין איז אין דערהיים געווען, איז זי אויך געווען אַ פּאָלקאַ...

באָריס! באָריס! זיי קומען זיך צוזאַמען, רעדען צווישען זיך, שפּאַצירענדיג אינאיינעם איבער דער אַלי.

באָריס.

קומט, לאָזען מיר גענוי דעריבער שפּרעכען.

העלענע.

לאָזען מיר געהן אין וואַלד אַריין. דאָרט טיפער. געהען אַב און ווערען פערלוירען אין די געדיכטע בוימער הינטער דער ווערענדע, וואו עס זענען שוין צוערשט בן-ציון, אַנדרושיי, יוסף, חנה'לע און משה אַבגעגאַנגען. דער גאָרטען ווערט ליידיג. חיים זיצט אויף דער ווערענדע און איז פערטיפט אין לעזען אַ קליין ביכעל. פון דער בעהאַלטענער גראָז-באַנק דערהויבט זיך די אַלטע רחל-לאה, וואָס איז דורך דער גאַנצער צייט געווען בעהאַלטען אין זיך און דרעהט זיך איינע אַליין איבער דער אַלי, רייסענדיג בלימלעך.

רחל לאה

פאַר זיך, רייסענדיג די בלימלעך.

זיי געהען, די אַלטע, אויפ'ן בית-הקברות געזעגענען זיך מיט די טויטע ביים לעבען. דעם טאַטען מיט דער מאַמען אין קבר אי-בערגעלאָזט. אין אַ פרעמדער מדינה פאָהרען זיי שטאַרבען, וואו משיח וואוינט... זיי געהען, די אַלטע, אויפ'ן בית-הקברות צו בעטען ביי די טויטע פאַר די לעבעדיגע...

יוסטינע

פאַלט אַריין אין גאָרטען דורך דער פאַרטקע, די האָר צעפלאָשעט. זי האַלט אַ גרויסען שטעקען אין דער האַנד, רעדט ווי צו זיך.

איך בין אויבען געווען, אויף די בערג. איך האָב ווייט און ברייט אין דער וועלט געקוקט. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר, ווי אויף דער האַנד, געווען אויסגעשפּרייט, און אַלץ האָט גערעדט צו מיר. מיין נשמה האָט זיך, ווי דער פויגעל, געבאָדען אין דער פרייער לופט. איך האָב ברייט און ווייט די אָרעמס פערשפּרייט, עס האָבען מיך אַרומגערינגעלט טייכען זאַנגען, קעפּ איבער קעפּ. פאַרטיג און גרייט איז שוין אַלץ דאָרט אויבען. די קעפּ האָבען זיי גענויגט צו

דער זון און האָבען זיך געבאָדען אין גאָלדענעם גלאַנץ פון דער זון אַרעגען פון גאָלד האָט דאָס אַלץ אַרום בעגאָסען מיט ליכט, און די וועלט לאַכט פון עשירות. דערזעהט רחל-לאה'ן. זאָגט, באַבע, לאַנג איז שוין, ווי איהר באָדט זיך דאָ אין דער לופט פון די פוילישע קיניגען

רחל לאה.

וואָס דו פרעגסט מיך, מיין קינד, פערשטעה איך נישט. צי איך בין אַהיגע? דאָ האָט מיך מיין מאַמע דערצויגען. פערצעהן גילדען האָב איך שוין אין דער חברה-קדישא בעצאָהלט אויף אַ קבורה אויף נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

יוסטינע

ווייזט אויף די בערג.

ביסטו שוין דאָרט אויבען געווען?

רחל לאָה.

אין די יונגע יאָהרען שבת נאָכ'ן עסען, ניס שפּילען.

יוסטינע

ווי צו זיך.

איך בין אויבען געווען. נאָהענט בין איך געשטאַנען צו די וואָל-קען. דער הימעל האָט זיך געבראָכען איבער מיין קאָפּ. די וואָל-קען, ווי געפליגעלטע שעפּסען, האָבען געבאָדען זייער וואָל אין דורכזיכטיגע וואַלען-טענער. איך בין געווען אין אסתר'קעס שלאָס, צו מיר האָבען גערעדט די שטיינער, די מויערן, אין מיר האָבען זיי בעגרייסט זייער שוועסטער. פאַר מיר, צו מיינע פיס, איז גע-לעגען אויסגעצויגען די גאַנצע אָרימע פוילישע ערד. איך האָב געזעהן די אָרימע כאַטקעס מיט זייערע פערפוילטע שינדעל-דעכער, פערטרונקען אין די הויכע טאָפּאָלען-בוימער. און ווי נאָהענט איז מיר דאָס אַלץ געווען! איך האָב מיינע אָרעמס ברייט אויסגעצויגען: קומט, קומט צו מיין ברוסט... אַרום דעם שלאָס גיסט זיך די אָרימע ווייכסעל-סטענגע, ווי די שענע יודישע שניידערין פון אָפּאָלע האַלזט אַרום איהר פאַן און מאַן, דעם קיניג. איהרע וואסער-

טאָולען גיסען זיך צווישען די ליכטיגע, בעגאָלדעטע ברויט־בייטען, באַדענדיג זיך אין דער העל גליהענדיגער זון. צעבראָכען דעם קאַרק אויף טויזענדער שיפען... פויזע. אימפּראָוויזירט. אויפ׳ן „דזשעדזשינעץ״ שטעהט די קיניגין, די „קאָכאַנקע״, די יודין. זי קוקט אויס איהר „פּאַן״, איהר מאַן. ער קומט צוריק פון פעלד אין איהר געצעלט אַריין, וואָס זי האָט אָנגעגרייט פאַר איהם... איהרע שוואַרצע לאָקען האָט זי איבער איהר ווייס קלייד צעלאָזט, און דער געשמאַק פון די האָר געהט אין דער לופט אויף... איהרע שוואַרצע אויגען שיטען פייער... אין איהר האַנד האָט זי בלומען, בלומען, וואָס איהר עלטער־באָבע לאה האָט פאַר זיי געקויפט איהר מאַן אויפ׳ס נאַכט ביי איהר שוועסטער רחל... אויפ׳ן „דזשעדזשינעץ״ שטעהט די קיניגין, די יודין, די שניידערין—צו איהרע פיס די פוילישע אָרימע ווייכסעל־בערג. דאָרט ווייט פערנעפּעלט זיך דאָס לאַנד אין די האַלב־געדיכטע טוי־וואָלקען, וואָס די נאַכט און דער טאָג וועבט פאַר איהם... דאָרט ווייט בלאָנדזשען די טאָפּאָלען, די אָרימע ערד־קינדער, איבערן וועג אַרום, משוגע און ווילד, מיט אָבגעפּליקטע קעפּ... דאָרט ווייט בלאָנדזשען די ווערבעס און רייסען די צעפּ פון די קעפּ, און וויינען פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט...

ר ח ל ל אָ ה.

דו רעדסט, מיין קינד, פון היץ. וואו ביסטו געווען?

י ו ס ט י נ ע.

איך בין געווען אין דעם לאַנד פון דער נשמה... אין די בערג בי׳ן איך געווען, וואו מיך האָט געקושט יעדעס ווינטעל, געבלע־טערט מיר די האָר און געגלעט מיין נאַקעטען האַלז און געשעפּ־טשעט מיר אין אויער סודות פון אַנדערע צייטען. אין דער קי־ניגינס אסתּר׳קעס שלאָס בי׳ן איך געווען, וואו מיך האָבען אַרומ־גערינגעלט די אַלטע מויערן, די שטיינערנע עדות, וואָס האָבען געזעהן, ווי דער קיניג האָט געהאַלזט די שענע יודין, וואָס האָבען געהערט די תּאווה׳דיגע קושען, וואָס די יודישע שניידערין האָט געקושט איהר קאָכאַנעק, איהר מאַן, איהר פּאַן, דעם קיניג... און מיר איז געווען, ווי איך וואָלט אין אַנדערע צייטען געלעבט, דענסטמאָל, ווען דער שלאַכטשיץ איז געווען אַן אַנדערער, ווען

דער יוד איז געווען אַן אַנדערער. און מיר איז געווען, ווי דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אָבגעטאָן אין דעם פּאַלאַץ, איז צוריק לעבע־דיג אויפגעשטאַנען פאַר מיינע אויגען. מיינע אויערן האָבען נאָך פערנומען דאָס געזאַנג פון די האַרפען, דאָס אָבקלינגען פון איהרע יודישע געזאַנגען, וואָס זענען פערגליווערט געוואָרען אין די שפּאַלטען פון פּאַלאַץ נאָך פון דענסטמאָל, ווען זי, די יודישע שניידערין פון אָפּאָלע, האָט געזונגען פאַר איהר קעניג און קאַ־כאַנעק, וואָס איז געווען פערוויגט אין איהר שויס, אויף איהרע שוואַרצע, צעפלאָשעטע האָר, פון ליעבע און פערגעניגען.

ר ח ל  ל אָ ה.

רעד נישט אַזוי, מיין קינד. נעמט זי איין און זעצט זיך מיט איהר אויף א גראָז־באַנק. געה נישט מעהר אין די בערג. זי האָט פערכשופט דעם שלאָס, מיט די אויגען, מיט איהרע צוויי שוואַרצע אויגען, וואָס דער קיניג האָט געבעטען צו זיי. נאָאיוו. יעדע נאַכט קומט זי דאָך דאָרט אַהין בלינדערהייט און זוכט זיך די אויגען.

י ו ס ט י נ ע

דערשראָקען.

פון וועמען דערצעהלסט דו דאָס, באָבעשי?

ר ח ל  ל אָ ה.

פון דער קיניגין אסתר'קע, וואָס האָט פערכשופ'ט דעם קיניג מיט איהרע צוויי גרויסע שוואַרצע אויגען. וואו דער קיניג איז גע־גאַנגען, זענען די אויגען איהם נאָכגעגאַנגען. נאָך איהר טויט האָט דער קיניג איהר די אויגען אַרויסגענומען און אין צוויי גאָל־דענע רינגען איינגעפּאַסט...

י ו ס ט י נ ע.

וואָס האָט דער קיניג מיט די אויגען געטאָן?

ר ח ל ־ ל אָ ה.

ער האָט זיך אַ שוואַרצען זאַל געהייסען אויסמויערן, דעם זאַל
49 מיט שוואַרצען טוך געהייסען אַרומקלאַפּען, די רינגען האָט ער

אויף אַן עמוד אַנידערגעלעגט. יעדער נאַכט, פּונקט האַלבער נאַכט, קומט ער צו געהן, קניהט פאַר זיי און בעט צו זיי...

**יוסטינע.**

אָ מענשען, ווערט פערשוויגען, וועלט, האַלט דעם אָטעם איין! דער קיניג בעט אין איינזאַמקייט...

**רחל-לאָה.**

זי קען דאָך צום בית-דין של מעלה נישט קומען מיט אַרויסגענו-מענע אויגען. דער מלאָך טרייבט זי: וואו האָסט דו די אויגען? וואו האָסט דו די אויגען? קומט זי צו געהן יעדע נאַכט צום פּאַ-לאַץ מיט׳ן שטעקען אין דער האַנד, זוכט זי זיך בלינדערהייט איהרע אַרויסגענומענע אויגען, צווישען די שטיינער, צווישען די גראָזען.

**יוסטינע.**

דו האָסט זי שוין געזעהן?

**רחל-לאָה.**

נישט איין מאָל און נישט צוויי מאָל. וועסט זי אויך זעהן הייגט אויף דער נאַכט, ווען מיר וועלען דעם זיידען בעגלייטען געהן. איהרע שוואַרצע האָר האָט זי צעפלאָשעט איבער די ווייסע תכריכים. אויפ׳ן קאָפּ האָט זי ברענען אַן אויסגעהענדיגע קרוין, און מיט פערשלאָסענע אויגען דרעפּשעט זי צווישען די שטיינער, צווישען די מויערן, און זי זוכט מיט דעם שטעקען צווישען דעם קאַלך און דעם ליים: האָט איהר מיינע אויגען געזעהן? האָט איהר מיינע אויגען געזעהן?

**יוסטינע**

בעהאַלט זיך דאָס פּנים אין די הענט.

שווייג, באָבעשי, שווייג, באָבע לעבען! א לאנגע פּויזע.

עס קומען אַן העלענע, אַנקעל קאַהן, באַריס און טאַנטע בערטאַ, שמועסענדיג צווישען זיך.

העלענע

בעמערקענדיג יוסטינען, געהט צו צו איהר.

יוסטינע, וואו ביסטו געוועז, מיין קינד?

יוסטינע

האלט פערשטעלט דאָס פּנים אין די הענט און ענטפערט נישט.

אָנקעל קאַהן

דערנעהנטערט זיך.

ווילקאָמען, שענעס פרויליין, האַבע זי גאַנצען טאַג ניכט געזעהען. ווי בעפינדען זי זיך?

העלענע

ווינקט צו רחל־לאה'ן.

זייט נאָר מוחל, באָבעשי, זיי האָבען עפּעס צווישען זיך צו רעדען.

געהט אָב מיט רחל־לאָהן, איבערלאָזענדיג יוסטינען מיט'ן אָנקעל אַלייז.

אָנקעל קאַהן.

זי אַנטוואָרטען מיר ניכט. זאָל איך זי פיליייכט פערלאַסען?

יוסטינע.

דאַנקע, אָנקעל.

אָנקעל קאַהן.

זאָלטען זי נאָך איינסט די רייזע צום אָנקעל נאַך לייפּציג מאַכען. וויר ווערדען בערלין בעזוכען. אין בערלין איזט עס גאַנץ, גאַנץ גרויסאַרטיג.

יוסטינע.

וואָס זאָל איך דען אין בערלין מאַכען?

אָנקעל קאַהן.

אין בערלין איזט עס זאָ שען, הערליך. וויר ווערדען אינס טעאַטער געהן, געזעלשאַפט בעזוכען, מיט יונגען לויטען בעקאַנט־שאַפט שליסען. זאָלך איין היבשעס פרויליין, ווי ניכטע... פיליייכט מאַכטע יעמאַנד איהנען דען האָף?

יוסטינע.

וואָס פּאַר אַ געשעפּטען קען איך האָבען מיט דייטשען? זיי זענען דאָך מיינע טיפסטע שונאים!

אָנקעל קאַהן.

אַבער וויר, יודען פאָן דער גאַנצער וועלט, זינד פאָן איין פאָלק. דער פּאָלנישע יודע, ווי אויך דער דויטשע יודע גלויבען אין איי-נען גאָט, האַבען איין שבת.

יוסטינע.

מיר קענען גלויבען אין איין גאָט, אָדער נישט גלויבען — מיר זענען צוויי פערשיידענאַרטיגע מענשען. נישט איך פערשטעה דעם פעטער און נישט דער פעטער פערשטעהט מיך. מיינע ליידען זענען אייערע שמחות, מיינע שמחות זענען אייערע ליידען. אין מיר לעבט די פּוילישע ערד, דער פּוילישער גייסט, און אין אייך לעבט דער גייסט פון מיין שונא. אַן אונאויפהערליכע מלחמה פון דור צו דור טיילט דורך צווישען אונז.

אָנקעל קאַהן

מיט א בעלעכטער.

ווי דאָך, ווערדען וויר פיליכט שטרייטען מיט איינאַנדער, איך אין איין אַנדערען העערע, זי אין איינעם אַנדערן העער?

יוסטינע.

עס קען אַמאָל די צייט קומען אויך.

אָנקעל קאַהן

לאַכט.

דאָך ווי זאָ? ווירסטו, די טאָכטער מיינעס ברודערס, מיט דיינעם אָנקעל שטרייטען נור דעסהאַלב, דאַ איך דויטשע און דו פּאָלין? וויר זינד דאָך אַבער יודען? וויר געהערען דאָך צו איינער פאַמיליע אן?

יוסטינע.

אין דער הינזיכט זאָל דער זוהן מיט זיין פאָטער מלחמה האַלטען, און די טאָכטער מיט איהר מוטער.

אָנקעל קאַהן

אָבבעהענדיג.

דאַס איזט אַבער יאַ ניכט צום פערשטעהן! וויר זינד דאָך אַבער יודען? גלויבען אין איינען גאָט? אָבבעהענדיג צו העלענען מיט באָריסן, וועלכע שמועסען צוזאַמען מיט טאַנטע בערטאַ. וויר זינד דאָך אַבער יודען! צו טאַנטע בערטאַ. זאַגע דו, פּאָלין, וויר שטרייטען? נים דען זעבעל אין האַנד. דו ביזט מיינע פרוי ניכט, איך בין דויטשער — דו ביזט פּאָלין! כאַ, כאַ, כאַ.

באָריס.

וואָס טוט זיך דאָס אַזוינס אין מיין הויז?

פון הינטער די בוימער קומען ארויס אנדרזשיי און בן-ציון, נאָך זיי יוסף און משה.

אַנדרזשיי

צום פאָטער.

דו, וואָס דו האָסט מיר לעבען געגעבען, פאַרוואָס האָסט דו מיר נישט געגעבען קיין אינהאַלט אין לעבען? זאָג! ווי אַ לערע זאַנג, שטעה איך איינער אַליין אין פעלד, און קיין שייער וועט זי ניט ווערען אויפגענומען!

באָריס.

און אויף דעם האָב איך געהאָרעוועט מיין גאַנץ לעבען? די וועלט איינגעלעגט, אייך בילדען צו לאָזען, מענשען פון אייך צו מאַכען? גליקליך אייך צו מאַכען? וואו איז אייער גליק? אייער גליק וואו איז? וואָס איז דאָס אַזוינס ביי אייך געוואָרען, וואָס לאָזט אייך נישט לעבען? וואָס איז דאָס ביי אייך אַזאָלכעס געוואָרען, וואָס לאָזט אייך נישט רוהען? וואָס זוכט איהר? וואָס ווילט איהר?

יוסף.

אַזוי, ברודער. ביי אייך אין די הויכע פענסטער איז עס מיט אַמאָל געקומען, ווי אַ דונער אין אַ שענעם העלען טאָג. ביי אונז אין די קעלער-שטובען האָט עס יעדער טאָג, יעדע שעה געפּייניגט, געבראָטען, ביי אונז איז עס אונזער טאָג-ברויט געוואָרען.

**העלענע**

ברעכט זיך די הענט.

וואָס איז דאָס אַזאַלכעס געשעהן?

**משה**

רופט אויס.

עס איז געקומען אַ צייט פון פעסער נעמען! דאָס שותפות'דיגע לעבען אין פערנעפּעלטען פאַרנאַכט איז פאַר אייך, אַלטע דורות, גוט געווען — איהר האָט זיך דאָרט געקענט דורכגנבענען אומבע־מערקט. מיר, יונגע דורות, ווילען פיהרען אונזער לעבען פריי און אָפען! אומפערשעמט ווילען מיר מענשען אין די אויגען קוקען, און אָהנ'רחמנותדיג זאָלען אַנדערע אויף אונז זייערע בליקען שי־קען. זעהט: דאָס און דאָס זענען מיר! אַזוי האָט אונז גאָט בע־שאַפען!

עס ווערט פאַרנאַכט, די זון געהט אונטער גאַנץ ווייט, בעגאָלדט די הויכע טאָפּאָלען־בוימער אונטערן באַרג. עס עפענט זיך אויף די פאָרטקע אין גאָרטען; עס קומען אריין רב חנן מיט מלפּה'לען מיט גרויסע סידורים אונטער די אָרעמס, מיט אויסגע־וויינטע אויגען. נאָך זיי טראָגט נאָך דער יונגעל צוויי אין דער העלפט אויסגעברענטע ליכט. אַלע ווערען שטיל, וואַרטען. אַ לאַנגע פּויזע.

**רב חנן**

נעמט דאָס טיכעל צו די אויגען צו און זאָגט שטיל, אָבער מיט אַ זיכערער שטימע.

געלויבט צו גאָט, מיט די טויטע האָבען מיר שוין אונזער רעכענונג געשלאָסען.

**אַנדרזשיי**

געהט צו צום זיידען, פרעגט איהם מיט אַ רוהיגער שטים, ווייזענדיג מיטן האַנט אויפן ארומיגען עולם.

און מיט די לעבעדיגע, זיידע, האָסטו שוין דיין רעכענונג גע־שלאָסען?...

פאָרהאַנג פאַלט פּלינק.

# דריטער אקט.

## סצענע:

א לאנגער וועג, בעזעצט מיט הויכע סאָפּאָלען, רינגעלט ארום א הויכען בארג. פון דעם בארג צווישען די בוימער ווייזט זיך אן אלטע האלב־איינגעפאלענע חורבה. פון דער חורבה שטארצען ארויס צוויי הויכע שפּיצען, וועלכע בעהאלטען זיך אין די פיעל־בלעטערדיגע צווייגען. פון דער חורבה פערשלענגעלט זיך א לענגליך ווייס שטעגעל צום וועג צו. איבערן וועג, קעגענאיבער דער חורבה, פערוואָרפט זיך א שלאגבוים; פון דעם הויכען קלאָץ ציהט זיך א קייט אראָב, ביי וועלכער עס זיצט אין א קליין אלט איינגעפאלען הייזעל א יודינע, איינגעהילט אין א טוך, און שלאָפט, האלטענדיג אין דער האנד א לייכטענדיגען לאמטערן. אויף רעכטס אין הינטערגרונד פערבלאָנדזשעט זיך דער וועג צווישען לאנגע אונענדליכע פעלדער. צווישען די פעלדער גלאנצט אין דער לבנה־שיין דאָס בלאָהע צאפּלען פון וואסער. ווייט אין הינטער־גרונד, אויף יענער זייט ברעג, ווערען הויכע און געדיכטע בוימער פערנעפּעלט און פער־טרונקען אין א טוי־וואָלקען, וואָס שטייגט פון דער ערד און געהט אין הימעל אויף. א ליכ־טיגע לבנה־נאכט. אלץ ארום איז בעגאָסען מיט לבנה־ליכט. די ווייסע ווענט פון דער חורבה, וואָס ווערען בעלויכטען אין דעם לבנה־ליכט, קוקען העל צווישען די טונקעל־גרינע בוימער ארויס.

אַ גרופּע יודען, אין שוואַרצע קאַפּאָטעס אָנגעטאָן, שטעהען לינקס אין הינטערגרונד פֿון דער סצענע און זיינען מחדש די לבנה. מען זעהט זיי נישט אין גאַנצען אַרויס, נאָר די בלייכע פּנימער מיט די לאַנגע שוואַרצע בערד, וועלכע ווערען בעגאָסען מיט דעם ליכט פֿון דער לבנה.

### איינער פֿון די דאַוונער

צום צווייטען.

שלום עליכם?

### אַ צווייטער

אָבענטפערנדיג.

עליכם שלום!

איינער ווענדט זיך צום צווייטען, און די פֿראַגע מיט דעם ענטפער חזרן זיך איבער דריי מאָל.

### אַן אַלטער יוד

דאַווענט הויך פֿאַר אַנדערע.

הללויה, הללו, לויבט גאָט, לויבט איהם אין די הימלען, לויבט גאָט אין דער הויך, לויבט איהם, אַלע זיינע מלאכים, לויבט איהם, אַלע זיינע חיילות, לויבט איהם, הימעל-הימלען, און דאָס וואַסער, וואָס איז איבער די הימלען, זאָלען זיי לויבען גאָטס נאָמען. ער האָט בעפוילען, און עס איז געוואָרען בעשאַפען, ער האָט געבאָטען, — און נישט צו פערענדערן.

דורך דער צייט, ווען דער אַלטער דאַווענט, זאָגט איינער צום צווייטען צו דריי מאָל:

— שלום עליכם?

— עליכם שלום!

עס קומען אָן פֿון לינקס ר ב ח נ ן מיט די ז י ה ן. נאָך זיי נאָך מ ל פ ה ׳ ל ע מיט די ט ע כ ט ע ר און ש נ י ר.

### ר ב ח נ ן

שטעלט זיך אָב ביים שלאַגבוים.

שטעהט. גענוג מיך בעגלייט. עס איז געקומען די צייט צו געזעגע-נען זיך. דער שלאַגבוים שטעהט צווישען אונז. נאָך רעד איך מיט

אַייך, נאָך זעה איך אַייך. קוים קום איך הינטער דעם שלאַגבוים אַרונטער, קעהר איך שוין צום עבר.

אָנקעל קאהן.

זאָל דער פאַטער זאָ ניכט שפּרעכען. וויר ווירדען איהן אימער, אימער געדענקען. און בעוויליגט עס דער הער גאָט אונז איינען זאָהן צו שענקען, אונזער הייסער וואונש איזט עס, ער זאָל דעם פאַטערס נאַמען טראַגען.

רב חנן.

איך גלויב דיר, מיין קינד, איך גלויב דיר. אָבער איך האָב פון עפּעס אַנדערש געוואָלט זאָגען. דאָס לעצטע מאָל זעה איך אַייך. נישט די ערד, וואָס האָט מיך געבוירען, וועט מיך אין זיך בע-האַלטען. אַ פרעמדער בין איך שטענדיג אין מיין היים געוועזן. איך געה אָב אין אַ לאַנד, וואָס איז זעהר וויים און זעהר נאָהענט, איך לאָז אַייך איבער אין אַ לאַנד, וואָס איז זעהר נאָהענט; און זעהר וויים. מיר האָבען אונזער וואָרצעל אין דער לופט געפלאַנצט, דאָך האָט קיין ווינט אונז פון שורש נישט געקאָנט אויסרייסען. איהר ווייסט, פאַרוואָס?

אַלע

שווייגען וואַרטענדיג.

רב חנן.

מיר, אַלטע יודען, האָבען געהאַט אַ גרויסען, גרויסען אָנהאַלט. דאָס איז געווען אונזער אמונה. די אמונה אין טאַטען, וואָס האָט דאָ אונז אַהער געשיקט, און אַז עס וועט קומען די ריכטיגע צייט, וועט ער אונז פון דאַנען אַרויסנעמען. די ווילדסטע שטראָמען פון די שטורעמדיגע ימים האָבען אונז פון אָרט נישט געקאָנט ריהרען. פון לאַנד צו לאַנד האָבען מיר געוואַנדערט, שפּראַך אויף שפּראַך האָבען מיר געביטען, אונזער „יש" איז געבליבען דער אייגענער. אונזער ערד, אונזער לאַנד איז געווען אונזער אמונה.—אָבער איהר, וואָס האָט צעביטען אונזער גרויסען גאָט אויף קליינע געטלעך, צי האָט איהר שוין געפונען אַזאַ אָנהאַלט, וואָס זאָל אַייך זיין אַ שוץ פאַר טעג, אין וועלכע שטורעמווינטען בלאָזען, אין וועלכע ווילדע

ימים געהען אַרויס פון זייערע ברעגעס די וועלט צו פערפלייצען?.. *קיינער ענטפערט נישט. פויזע. צו באָריס'ן.* ברוך, ברוך, מיין בכור, צו דיר ווענד איך זיך צום ערשט. *גיט איהם די האנד.* זאָג מיר, מיין זוהן, פאַר מיין אַוועקגעהן: צי ביסטו זיכער וועגען דעם, וואָס איך האָב גערעדט יעצט? צי קענסטו נעמען אויף דיר דאָס אַחריות, אַז די ערד וועט דיין אַלטען טאַטען פון קבר נישט אַרויסוואַרפען, איבער די חרפות און בושות פון די לעבעדיגע, וואָס ער האָט איבערלאָזט נאָך זיך?

באָריס.

אויף מיר, טאַטע, קאָן איך נעמען דאָס אַחריות,—איך האָב, גאָט צו דאַנקען, מיין פרנסה, אַ בעל-הבית אין שטאָדט, און אַ יוד זינדיגט נישט פאַר וואויל-טאָג... מיינע קינדער אַזוי לאַנג, ווי איך לעב... כאָטש אין אמת'ן, ווער האָט היינט, משטיינס געזאָגט, רשות אויף קינדער? גאָט איינער ווייס, מיט וואָס פאַר אַ געשעפטען זיי פערנעמען זיך. אַז עס זיינען מאָדעס אַרויסגעקומען אויף דער וועלט... לאָז דאָס לערנען, געלד אויף דעם זיך קאָסטען!

רב חנן.

האָסט מיט זיי אַנדערע תורות געלערנט. איך וויל נישט יעצט קיין מוסר, תוכחה זאָגען, היינטיגע וועלט פערלאַנגט עס... ביסט דו נאָר זיכער אין זייער אמונה אין די נייע תורות?

באָריס.

נאָך וועגען דעם זאָל איך קלערען? איך בין אַ היינט-וועלטיגער קויפמאַן, כ'האָב געטאָן דאָס, וואָס די היינטיגע וועלט פערלאַנגט. *קושט זיך מיטן פאָטער.* דאָס איבעריגע, אַזוי ווי זיי ווילען זיך אויס־בעטען, אַזוי ווילען זיי שלאָפען. *געהט צו, קושט זיך מיט דער מוטער.*

יוסף.

זעהסטו, טאַטע, איך האָב מיט זיי געלערנט די אַלטע תורות, זאָגען זיי, אַז דאָס איז שוין צו אַלט פאַר זיי, אַז דאָס צעפאַלט און שטאַרבט אָב, אַז מען מוז אויפפרישען דאָס אַלטע און צו־שניידען עס לויט דעם היינטיגען שניט. פערשטעהסט דו עס, טאַטע?

רב חנן.

און יעדער אין זיין בעזונדער תורה...

חנה׳לע

געהט צו מיט דריי גרויסע ליכט, וועלכע זי גיט איבער רב חנג׳ען.

איך האָב טאַקע דעם שוועהר געוואָלט בעטען. כ׳בעט איבער טויזענדער מאָל, כ׳בין נאָר אַ זינדיגע יודינע. מיין האַרץ שרעקט זיך. איך ווייס אַליין נישט וואָס, לאָז דער שוועהר אָנצינדען די ליכט אויף די מאַמע רחל׳ס קבר, פון זייערע נשמות וועגען... ווייזט אויף איהרע דריי זיהן, מיט טרערען אין די אויגען. זאָל דער שוועהר לויפען, מיהען זיך, גאָט זאָל העלפען, אַז זיי זאָלען דאָך... איך ווייס אַליין נישט וואָס... איך ווייס אַליין נישט וואָס...

רב חנן

נעמט צו די ליכט.

איך וועל לויפען, טאָכטער, איך וועל זיך מיהען, עס זאָל נאָר נאָך צייט זיין.

העלענע

מיט אויסגעווייינטע אויגען, ווייזענדיג מיט׳ן פינגער אויף יוסטינען און אנדרושיי׳ן.

און פאַר מיינע קינדער אויך׳עט, און פאַר מיינע קינדער אויך׳עט.

רב חנן

מיט דער האנד צו איהר.

און פאַר דיינע קינדער אויך׳עט, און פאַר דיינע קינדער אויך׳עט.

יוסף

מיט טרערען אין די אויגען.

פאָהרסט אַהיים, טאַטע, אין הייליגען לאַנד. גריס זיי דאָרטען, די אַלטע קברים, און די מאַמע רחל׳ס קבר, וואָס שטעהט אויפ׳ן וועג קיין בית-לחם. זאָג זיי דאָרט, פערצעהל זיי דאָרט, וואָס מיר שטעהען זיך אין גלות אויס. עס איז שוין צייט, אַז מיר זאָלען אויסגעלייזט ווערען, די מאָס איז שוין פול, די צרות געהען שוין איבער, זאָג זיי דאָרט... קינדער אין פרעמדע הענד... הפקר פאַר דער וועלט... ווער עס וויל, ווער עס קען... פאלט ארויף אויפן פאטערס האלז.

ר ב ח נ ן.

בליפעט ארויס אין טרערן.

איך ווייס עס גאַנץ גוט... שוין לאַנג געקומען די צייט... שוין לאַנג צייט... עס פעהלט נאָר די ריכטיגע מינוט... די ריכטיגע מינוט..

בעזעגענען זיך אין טרערן, זעהר הייס... יוסף בעזעגענט זיך דערנאָך מיט דער מוטער.

ר ב ח נ ן

צום אָנקעל קאהן, געבענדיג איהם די האַנד צו זעגענען.

נו, אין דיינע געגענדען, אין דיינע לענדער וואַרטען יודען אויך נאָך אויף משיח'ן?

אָ נ ק ע ל ק א ה ן.

אַך, יאַ, ליעבער פאַטער. וויר וואָהנען אין איין קאָנסטיטוציאָנעלן לאַנד, אין איין קולטורעלן לאַנד, ביי אונז גיעבט עס קיינע בע-גרענצונג אין רעליגיאָנס-אַנגעלעגענהייטען. דאַגעגען, אונזערע רע-גירונג איזט יאַ זעהר פיעל פיר רעליגיאָן. וויר האַבען אונזער טעמפעל, אונזער שוחט, אונזער קולטוס-געמיינדע, גיעבט אויך יאַ ניכט ביי אונז „די דאַ". ציהט מיטן אַקסעל אויף חיים, משה און בן-ציון'ן. מיט פאראַד. און דער ערינערונגס-טאָג אונזערער עלטערן ווירד ביי אונז געפייערט מיט דער גרעסטער פייערליכקייט; „יאָהר-צייט" איז איינע גראָסע מצוה, ווי עס פלעגט צו זאַגען דער ראַבינער אין דער זינאַגאָגע זאָנאַבענד. ניכט וואַהר, מיין ענגעל?

ט א נ ט ע ב ע ר ט אַ

זייענדיג פערנומען מיט זעגענען זיך מיט דער מוטער, וואַרפט אַרונטער דעם קאָפּ צום מאַן מיט האַלב פערוויינטע אויגען.

וואַהר, מיין ליעבער, וואַהר, מיין גאַטע.

ר ב ח נ ן

גיט די האַנד דעם אָנקעל, בעזעגענדיג זיך מיט איהם.

און וואָס בעפעהלסט דו מיט אַהיים?

**אָנקעל קאַהן.**

איך האַבּ איינע בּיטע צום פאַטער, איינע זעהר גרויסע בּיטע. איך ווייס, דער פאַטער איז אַ פראָמער יודע, זעהר אַ פראָמער יודע. זאָל דאָך דער פאַטער דען הער גאָט בּיטען און די הערען פראַ-פּעטען: איך בּין זאָ איינזאַם און ווינשע מיר איין זיינכען צו האַבּען, דען איך מיט דעם פאַטערס נאַמען נענען זאָל, דער נאַך מיר קדיש זאַגען זאָל...

**רבּ חנן.**

איך וועל מיך מיהען. געזעגענט זיך מיט'ן אָנקעל, געהט דערנאָך צו מלכה'לען. צו די אייניקלעך. און איהר, יונגע דורות, צי האָט איהר עפּעס מיט-צובּעפעהלען? צי וואַרט איהר אויך? צי האָפט איהר אויך? צו בּן-ציון'ען. וואָס זאָל איך זיי דאָרט פון אייער נאָמען זאָגען?

**בּן-ציון.**

אַז עס וועט זיין, און דו וועסט אַהיים קומען, אין לאַנד אַריין, זאָג זיי דאָרט, וועק זיי דאָרט, אַז עפּעס וואָס איז געשעהן אין גלות, אַז עפּעס וואָס האָט אויפגעלעבּט צווישען אונז... וועסטו זעהן די וויסטע פעלדער פון שרון און כּרמל, און די טויטע בּרעגעס פון אַלטען ירדן, זיי זיי דאָרט מבשר, אַז עס קומט די צייט, און די פערוואָגעלטע פון אַלע פיר עקען קומען צו ציהען מיט אַקערס—פון וואָג און אייל, מיט שניידערס—פון מעסטעל און קוואָרט... וועק זיי דאָרט, זאָג זיי דאָרט, אַז נישט מעהר וועט זיי בּעאומרוהיגען פון זייערע קברים קלאָג-געוויינען פון אַלטע גוסס'ע יודען, וואָס בּרענגען צו שלעפּען זייערע אַלטע בּיינער פון גלות אין דעם אַלטען קאַסטען שמות אַריין. אַנדערע געזאַנגען וועלען זיך איבּער זייערע קברים לאָזען הערען... וועק זיי דאָרט, זאָג זיי דאָרט...

**רבּ חנן.**

איך וועל זיי וועקען, איך וועל זיי זאָגען: משיח'ס צייטען, משיח'ס צייטען... גאַנץ גוט, גאַנץ שען, אָבּער דאַכט זיך ניט גאַנץ יודיש-ליך. ווייס איך, וואָס אַזוינס?.. סיי ווי סיי, בּלייבּ געזונט, מיין קינד, זאָל גאָט געבּען, אַז... געזעגענט זיך מיט איהם. כ'וואָלט אָבּער

װעלען װיסען, װאַרטען נאָך דײנע ברידער אױכ׳עט אַזױ אױף משיח׳ן?

**חיים.**

אָבער װי נאָך אַזױ, זײדע? אָבער נישט אױף דעם קלײנעם שאָ־װיניסטישען משיח פון יודען־ציוניסטען. אין אונז האָט זיך דער־װעקט דער יוד דער מענש! פון די, װאָס פערלאָזען זײער גאָרטען און געהען פלאַנצען אַנדערע גערטנער... די, װאָס פערניכטען אַל־טע װעלטען און געהען בױען נײע. זאָג זײ דאָרט, אַז מיר װעבען דאָ די נשמה פון דעם נײעם משיח׳ן פון אונזערע זײדעס, די נביאים, װאָס װעט קומען, װי אַ זון אױף דער גאַנצער װעלט, און װעט אױפעפענען פערבונדענע הענד, און אָבװישען טרערען פון אומגליקליכע.

**רב חנן.**

משיח׳ס צײטען, משיח׳ס צײטען!

**באָריס**

האקט איהם איבער.

קוקסט מיר אָן מײנע משיח׳ס־מענשען?

**העלענע**

צו דער שװיגער.

תפילין לעגען זײ? דאַװענען זײ?

**יוסף.**

נײע יודען, נײע משיחים...

**רב חנן.**

איך װעל זײ זאָגען, כ׳װעל זײ זאָגען. זאָלען זײ דאָרט װיסען, זאָלען זײ דאָרט װיסען. משיח׳ס צײטען, משיח׳ס צײטען... געזעגענט זיך מיט איהם.

**משה.**

יעדער דור און זײן משיח, יעדער דור און זײן משיח.

רב חנן.

און דו, ווּעמען הייסט דאָרט גריסען, מיין קינד?

משה.

אַלע גוטע און פרומע לייט און אַלע הייליגע קברים, וואָס מען האָט אונז פון זיי אין חדר מעשיות דערצעהלט, און די מאַמע רחל׳ס קבר מיט דער מערת המכפלה, און דעם כּותל מערבי מיט דעם הזתים-באַרג. און ווּעסט דו אפשר אליהו הנביא טרעפען תשעה באָב אויף דער נאַכט, ווען ער געהט די אָבות וועקען, און נאָך אַלטע גוטע בעקאַנטע פון אַמאָליגע חדר-צייטען, לאָז זיי דאָרטען האַרצליך געריסען, לאָז זיי דאָרט האַרצליך גריסען...

רב חנן.

און פון משיח׳ן דערמאָנסטו גאָרניט? אַ וואונדער עפּעס!

משה.

איך בין אַ יוד, וואָס ליבט דעם גלות, אָט אַזוי ווי עס איז, מיט דעם בית-המדרש-געסעל, מיט׳ן רב און דיין, מיט׳ן שופר און חליצה-שוך. דאַכט זיך, דאָס איז דאָס יודישקייט, דאָס אמת׳ע, דאָס פּראָסטע. אויף משיח׳ן קאָן איך האָפען, וואָס וועט קומען צו רייטען אויפ׳ן ווייסען אייזעל, מיט׳ן שופר אויפ׳ן פּאַפּירען-בריק. בין איך אָבער שוין צו יונג, אָדער שוין צו אַלט, אַז איך זאָל נאָך קענען גלויבען אין נסים. דער משיח פון מיין ברודער דורך קאָלאָניאַל-באַנק און נאַציאָנאַל-פאָנד, דורך טעריטאָריאַליסטען און אוגאַנדיסטען איז מיר פרעמד, איז מיר ווייט, עס איז נישט מיין, עס איז נישט דיין. און ס׳דאַכט זיך גאָר מיט זייער לשון-קודש רעדען, עס איז דאָך נישט יודישליך, ניט דאָס יודיש פון מיין זיידען, פון מיין באָבען.

רב חנן.

אַ יונגער בחור מיט אַ לשון פון אַן אַלטען מאַן.

משה.

איך בין יונג און אַלט. מען מוז דעם עלטער פּעריונגען, און דאָס יונגע מוז זויגען פון דעם אַלטען,—האָט עס דענסטמאָל אַ קיום, האָט עס אַ בעשטאַנד. אַ פּאָלקס-גייסט קאָן מען נישט פון פינגער

אויסנאָגען, נישט פון צוויי טויזענט יאָהר פריהער, נישט פון צוויי טויזענט יאָהר שפּעטער. עס מוז זיין פון דעם, וואָס עס איז, פון נעכטען און היינט, פון היינט און מאָרגען...

**רב חנן.**

דיין ויכוח וועסט דו ווייטער מיט דיינע ברידער פיהרען. איך בין צו אַלט פאַר דעם. (געזעגענט זיך מיט איהם.) ברוך'ס קינדער שטעהען מיר אַזוי פון דער ווייטען. צי האָבען זיי מיר גאַרנישט צו זאָגען פאַר מיין אַוועקגעהן?

**יוסטינע.**

איך, זיידע, יאָ.

**רב חנן.**

וואָס אַזוינס?

**יוסטינע.**

געלעבט האָסט דו, זיידע, אויף דער ערד און יעצט געהסט דו שטאַרבען אין אַן אַנדער מדינה! פון דער פרעמד ביסט דו געקומען צו ציהען צו אונז, קיינער ווייס ניט פון וואַנען, קיינער ווייס נישט, ווען. מיט דעם ערשטען פּאָליאַק אויף דער ערד געפינט מען דיך שוין, טראָגענדיג דיין פּעקיל מיט'ן שטעקען אין דער האַנד צווישען די פּוילישע ווערבעס. וואו דו ביסט געקומען, האָסט דו אַ קינד איבערגעלאָזט. אונטער יעדען בוים האָסט דו דיין טאַטען, דיין מאַמען בעגראָבען. דיין בלוט, דיין ביין איז אין דער ערד געוואָרען פערזייהט—ווי די פּוילישע איינזאַמע טאָפּאָלען, אַזוי האָט מען דיך בעגעגענט אויפ'ן פּוילישען וועג. יעצט געהסט דו וואו אַנדערש דיינע אַלטע ביינער אַוועקטראָגען,—ווילסט דו דען נישט מיטנעמען מיט דיר אַ הויפען פון דער ערד, אויף וועלכער דו האָסט געלעבט, אין קבר אַריינצולעגען? זעה! (זי נעמט אַ הויפען ערד.) צעברעך די ערד!—(זי טוט דאָס.) טאָמער וועט פון איהרע זעמדלעך בלוט ריגען, וועט טריפען דיין בלוט, דיין מאַרך, דיין ביין, וואָס יעדער הויפען איז מיט דיר געוואָרען צוזאַמענגעקנעטען! וואו לאָזט דו דיין טאַטעס, דיין מאַמעס ביינער איבער?

רב חנן.

איך האָב אויסגעהערט, מיין קינד, דיין מוסר. אַז משיח וועט קומען, וועלען די ביינער פון אונזערע אָבות, וואָס זיינען בעגראָבען אין גלות, קייקלען זיך אונטער דער ערד אין ארץ ישראל אַריין און וועלען דאָרט צו תחית-המתים אויפשטעהן, אַזוי שטעהט געשריבען אין אונזערע הייליגע ספרים. פויזע. און אַהיים, צו דער אַלטער מאַמען, האָסט דו גאָרנישט מיטצובעפעהלען?

יוסטינע.

אַז איך האָב זי קיינמאָל נישט געזעהן, קיינמאָל נאָך איהר נישט געבענקט... אַז אַן אַנדער מאַמע האָט מיך געבוירען, אַן אַנדער מאַמע האָט מיך אויפגעצויגען...

רב חנן

ווענדט זיך צו אנדרזשעי'ן.

און דו שטעהסט אַזוי פון דערווייטען?

אנדרזשעי.

איך ווייסט נישט, ווער איך בין, פון וואַנען איך קום, וואוהין איך איל. אַ שפּענדעלע אין ים בין איך. יעדע כוואַליע שלעפּט אין אַן אַנדער וועג. דער טאַטע האָט מיר גאָרנישט געגעבען, די מאַמע האָט מיר גאָרנישט געגעבען, איך האָב צו קיינעם גאָרנישט מיטצובעפעהלען, צו קיינעם גאָרנישט מיטצובעפעהלען...

רב חנן.

און ווי אַזוי לעבסט דו, מיין קינד?

אנדרזשעי

ווי אַ ווינט, פון לאַנד צו לאַנד, פון שפּראַך צו שפּראַך, ווער עס וויל, ווער עס קומט, גיט די האַנד... פויזע. און עס פאַלט טיילמאָל אַן אַ שרעקליכער טרויער פון נע ונד, אַ טרויער פון קיינעם נישט צו געהערען, פון אַ הפקר-קינד, וואָס ווייס נישט, ווער זיין טאַטע איז, ווער זיין מאַמע איז...

**ר ב  ח נ ן**

צו זיך.

משיח'ס צייטען, משיח'ס צייטען... פויזע. גענוג, מיינע קינדער, גענוג, מיינע אייניקלעך. עס איז געקומען די צייט פון געזעגענען זיך!.. האָרכט מיך אויס פאַר מיין אַוועקגעהן. אין פיל לשונות האָט איהר גערעדט צו מיר, אין נעמען פון פיל געטער, פיל משיחים. יעדער און זיין משיח, יעדער און זיין משיח. איך בין דער שטאַם, פון וועלכען איהר, צווייגען, זענט אַרויסגעוואַקסען. מיר אַלע, דער גאַנצער בוים מיט אַלע זיינע צווייגען מיט זיינע וואָרצלען,—דאָס איז דער יוד פון אייביג, דער יוד, וואָס איז געווען, איז און וועט זיין. דער בוים האָט זיך צעטיילט. יעדע צווייג האָט זיך גענומען איהר חלק וואָרצעל און איז זיך אַוועקגעגאַנגען פאַר זיך אַליין איינפלאַנצען. גאָט! דאָך שיק דעם איינציגען משיח'ן, וואָס זאָל די אַלע איין בשותפות'דיגע נשמה געבען!... איך פיהל, אַז עס דער-נעהנט זיך די ריכטיגע מינוט... ער וועט קומען און צעפיהרען די גרעניצען פון לאַנד און לאַנד, פון מענש און מענש.. עס קומט די ריכטיגע מינוט... משיח'ס צייטען... איהר הערט, ווי עס רופט... הערט, מען רופט... די ריכטיגע מינוט... די ריכטיגע מינוט...

עס ווערט זעהר שטיל צווישען עולם. אלע ווארטען און הארכען זיך איין מיט אומגע-דולד. עס דערהערט זיך פון גאנץ ווייט א קול פון א שופר, וואס בלאזט א לאנגע אויס-געצויגענע תקיעה—די תקיעה חזרט זיך איבער זיך דריי מאל, צווישען איינע און די אנדערע א לאנגע פויזע. דערנאך הערט זיך א גערויש פון דער ווייטען, ווי א ווינט וואלט געבלאזען אין די זאנגען...

**ר ב  ח נ ן**

אין דער שטיל אויסגעצויגען.

די ריכ—טיגע מי—נוט... די ריכ—טי—גע מי—נוט...

| | |
|---|---|
| מ ש ה<br>ב ן - צ י ו ן<br>ח י י ם | ווערען פערלאָרען אונטערן בארג, נאך א קליינער פויזע ווייזען זיי זיך אויף דער סטעזשקע, וואס איז אויפ'ן בארג, קוקענדיג ערגעץ וואו ווייט אין דער וועלט אריין. |

א לאנגע פויזע.

חיים.

פון בארג אראָב, ווייזענדיג דאָרט ווייס, וואו עס ווייזען זיך די פעלדער.

עפּעס וואָס רייסט זיך און וועקט זיך און ברעכט זיך אין דער לופט... ווינטען, זיי בלאָזען פון מזרח און מערב... זיי וועקען, זיי בעלעבען די טויטע די ביינער. עפּעס ווער קומט און געהט פון דער ווייטען, דעם הימעל שפּאַלט ער מיט זיין בליק. די ערד ברעכט ער מיט זיין שטים... עס הערען זיך רעש'ן פון טויערן— זיי ווערען צעבראָכען... פון שלעסער—זיי ווערען צעפּלאַצט... פון קייטען—זיי ווערען צעריסען... עפּעס ווער קומט און געהט פון דער ווייטענס...

בן-ציון.

זיי קומען פון אַלע פיר עקען וועלט... זיי קומען, זיי געהען... זיינען עס מענשען?... די קברים—זיי עפענען זיך, די ערד—זי שפּאַלט זיך... עס שטייגען די טויטע פון אַלע דורות... די ביינער— זיי ווערען בעהויט, די גלידער—זיי ווערען בעפליישט... זיי קומען, זיי געהען פון אַלע פיר עקען וועלט...

משה.

שטראָמען בלוט האָבען מיינע אָדערן איבערפולט. עפּעס וואָס האָט אויפגעלעבט אין מיין האַרץ, וואָס האָט אַמאָל ערגעץ וואו געלעבט, איך ווייס נישט, וואו, און געדענק נישט, ווען... עס רופען מיך קולות... עס וועקט מיך אַ שטים, אַ פרעמדע און בעקאַנטע, אַ נאָהענטע און אַ ווייטע, איך האָב, דאַכט זיך, וואו זי געהערט... איך ווייס נישט וואו, איך געדענק נישט, ווען...

בן-ציון.

שטימען—זיי רופען פון ווייט און נאָהענט... מאַכט'ס אַ וועג אין גלות...

חיים.

שטימען, זיי רופען פון אַלע פיר עקען: דאָס פאָלק, וואָס איז גע-זעסען אין דער פינסטער, זעהט אַ גרויס ליכט...

משה.

עס וועבט זיך אין מיר אַ נייע נשמה. שטראָמען בלוט, ביי בלוט

האָבען מיינע אָדערן ערפּילט, און אַ ליכט איז געפאַלען אויף מיינע אויגען. איך זעה עפּעס וואָס... איך הער עפּעס וואָס...

עס חזר'ן זיך איבער פון דאָס ניי די לאַנגע אויסגעצויגענע תּקיעות פון ווייט, פון גאַנץ ווייט.

**ר ב ח נ ן,**

וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פּערטיפּט, וועקט זיך פלוצלונג אויף.

עס איז געקומען די ריכטיגע מינוט, די ריכטיגע מינוט...

**ב אָ ר י ס**

רייסט זיך פון פאָטער.

וואו אַהין דאָס, טאַטע? וואו אַהין, מאַמע?

**ר ב ח נ ן.**

דאָרט, וואו עס וועקט... דאָרט, וואו עס רופט. ווייזט אויפ'ן הינטער-שלאַגבוים. עס איז געקומען די ריכטיגע מינוט, די ריכטיגע מינוט.

**ב אָ ר י ס**

רייסט זיך פון פאָטער.

איך קאָן נישט, טאַטע, איך קאָן נישט, מאַמע. איך האָב דאָך שטעהן דאָ מיין האָב און גוטס, אַ הויז אויף מאַריאַנסקע גאַס און קאַרמעליטסקע גאַס און היינט געלט אין גויישע הענט. ערשט מאָרגען האָט מיר דער פּאַן פון מאַראָווקע צו בעצאָהלען די זעקסטע ראַטע.

**ר ב ח נ ן.**

לאָז דאָך איבער דאָס האָב און גוטס, ראַטעווע דיר די נשמה, די נשמה! עס איז געקומען די ריכטיגע מינוט, די ריכטיגע מינוט...

**ב אָ ר י ס**

ארויסגעריסען זיך פון פאָטער.

איך קאָן נישט, טאַטע, איך קאָן נישט, מאַמע. מיין האָב און גוטס, מיין האָב און גוטס... פאַהרט געזונטערהייט, געהט געזונ-טערהייט, איך וועל דאָך אַמאָל צו אייך צו גאַסט אַריבערקומען, ווען עס וועט זיך מאַכען אַ גוטע געלעגענהייט... אַ גוטע געלעגענ-

הייט. געהט אָב מיט העלענען, ווינקענדיג אויף די קינדער, אויף אנדרזשעין און יוסטינען. קומט מיט, קומט מיט!

**אַנדרזשעי.**

איך האָב נישט קיין טאַטע, איך האָב נישט קיין מאַמע, איך ווייסט נישט, ווער איך בין, וואו אַהין איך געה, פון וואַנען איך קום...

**יוסטינע.**

מיין טאַטע איז מיר פרעמד, מיין מאַמע איז מיר פרעמד. פון דער ערד בין איך געקומען, צו דער ערד געה איך צוריק. זי זעצט זיך אויף אַ שטיין, וואָס שטעהט אויפ'ן וועג, קעגענאיבער דער חורבה.

באָריס און העלענע געהען אָב לאַנגזאַם לינקס.

עס הערן זיך איבער די תקיעות.

**רב חנן**

כאַפּט זיך פאַר'ן אָנקעל קאַהן.

עס איז געקומען די ריכטיגע מינוט, קום דאָך מיט, קום דאָך מיט...

**אָנקעל קאַהן.**

דאַנקע בעסטענס, דאַנקע בעסטענס. פעז־שטעהע עס גאַנץ גענוי, האַבע אַבער צו הויזע פאַבריקאַציאָן, אינדוסטריע, וויר ווערדען נאָך נאַכדענקען, נאָך דאַריבער שפּרעכען מיט דעם פּרעדיגער אין דער זינאַגאָגע דיזען זאָנאַבענד.

**בן־ציון**

אַראָבגעהענדיג פון באַרג.

לאָז זיי געהן, די גלות-קנעכט! אין מדבר וועט איהר שטאַרבען, ווי די עלטערן פאַרצייטענס, בענקענדיג נאָך די טעפּ פליישׁ, וואָס זיי האָבען אין מצרים געלאָזט. לאָזען זיי געהן, לאָזען זיי געהן... מיר, דער יונגער דור, מיר, דער פרייער דור, קומען מיר אין ארץ-ישראל אַריין

**אָנקעל קאַהן**

אַרויסגעריסען זיך.

אין גאָטעס נאַמען, אין גאָטעס נאַמען. צו בן-ציונ'ען. ווערדען זי פּיליכט מיין אַגענט אויף פּאַלעסטינע ווערדען? דאַס לאַנד האַט

קיין קולטור, קיין אינדוסטריע, קאַן גראָסער אַבנעהמער ווערדען. דאַ היער האָבען זיי מיין פריין-קוראַנט. ארויסנעמענדיג פון דער טאש א ביכעל. ביטע, איזט זעהר אינטערעסאַנט, זעהר אינטערעסאַנט...

חיים

אראָבגעהענדיג פון בארג.

לאָז זיי וואַנדערן, לאָז זיי וואַנדערן, לאָז זיי וואַנדערן, די אַלטע העכט, די פעטע העכט, און די בייכער זיך פּאַשען מיט שאַנד און שפּאָט, אויף מיסט און קויט...

אָנקעל קאהן

אראָבגעהענדיג מיט דער טאַנטע בערטאַ אונטערן אָרעם.

דאַנקע שען, דאַנקע שען. אין גאָטעס נאַמען, און גאָטעס נאַמען...

טאַנטע בערטאַ

האַלבליך ברוגז.

אַך, קיינע ערציהונג, קיינע בילדונג, ווי דאַס וואָלט אין באַרבאַ-רען-לאַנד געבאָרען. געהען אַב געארעמט נאַך באַריס'ן מיט העלענען.

בן-ציון

צו פאָטער-מוטער.

דאָרטען שיינט, דאָרטען פלאַמט. קום דאָך, טאַטע, מיט, קום דאָך, מאַמע, מיט.

רב חנן

צו יוספ'ן.

עס איז געקומען די ריכטיגע מינוט, קום דאָך מיט, קום דאָך מיט...

יוסף.

עפּעס גלויב איך יאָ, עפּעס גלויב איך נישט. אז איהר זאָגט, געה איך מיט, געה איך מיט...

משה

אראָבגעהענדיג פון בארג.

 לאָז מען מיטנעמען פון גלות עפּעס וואָס, עפּעס וואָס. דאָ האָט

מען געלעבט, דאָ איז מען געשטאָרבען. און דאָס בית-המדרש-געסעל מיט דעם פּלומפּעל, עס איז דאָך אַזוי יודיש, אַזוי יודיש...

**יוסטינע**

דערהויבט זיך פון שטיין, געמט אַ טיכעל און פּאַקט איין דערינען ערד, וועלכע זי געמט פון הינטער אַ בוים, גיט איבער דאָס פּעקעל דעם זיידען.

נעם דאָס הויפען ערד מיט, נעם דאָס מיט דיר אין קבר אַריין. אויף דער ערד ביסט דו געבוירען, געלעבט און געדאַוועגט, געהאָפּט און געוויינט... אין דער ערד האָסט דו דיין טאַטען מיט דיין מאַמען בעגראָבען, דיינע קינדער מיט דיינע אייניקלעך אי-בערגעלאָזט. נעם זי דיר מיט. עס איז אַ שטיק פון דיין לייב, פון דיין נשמה געוואָרען...

**רב חנן**

יעמט פון איהר דאָס פּעקעל ערד.

וויפיל מאָל אין שמונה-עשרה זי דערמאָנט, און ברכות איבער איהר געמאַכט, און לערנען זיך אָנגעהערט... צו יוסטינען. אָבער קום דאָך מיט, ביי וועמען און וואו וועסט דו איבערבלייבען?

**יוסטינע.**

נישט אייער משיח איז מיין משיח, נישט אייער לאַנד איז מיין לאַנד. מיך רופען אַנדערע שטימען, מיר זינגען אַנדערע לידער. זעהסט דו דאָרט דאָס לאַנד ברייט און וויט? ווייזט איהם אויף די פעלדער אין הינטערגרונד רעכטס — ווי עס בעהאַלט דאָס פּנים אין די הענד און עס וויינט און עס בענקט, אָט דאָס ציהט מיין נשמה... דו זעהסט די ווערזשבע מיט די לאַנגע צעפּלאָשעטע צעפּ, וואָס זי שטעהט איינזאַם אויפ'ן וועג און ציהט רעכטס און לינקס אויס די הענד? דאָס רופט זי מיך, דאָרט אַהין צו זיך... און די חורבה, די ווייסע—ווי אַ בלייך העלדען-געזיכט קוקט זי אַרויס צווישען גרינס, בעגאָסען מיט לבנה-ליכט. וואַרט: זי קומט, זי ווערט אַנט-פּלעקט, די קיניגין, דעם שניידערס טאָכטער פון אָפּאָלע מיט קרוין און גאָלד, און זי רעדט, און זי דערצעהלט פון יאָהרען לאַנג, פון יאָהרען וויט, וואָס האָט זיך דאָ אָבגעטאָן אין פּאַלאַץ, אין קאַזימירזש'ס צייט, אין קאַזימירזש'ס צייט...

רב חנן

ווי אַנגעהענדיג מיט מלכה'לען, אלע נאָך זיי.

בלייב געזונט, מיין אָרים קינד!

מלכה'לע.

מאַמע יענטעלע, מאַמע יענטעלע! וואו לאָז איך דיך איבער?

משה

צו אנדרושע'ן.

קלייב אויס געשווינד אַ גאַט און אַ משיח. די הערסט, מען רופט! די הערסט, מען בלאָזט! עס איז געקומען אַ צייט פון פעסער נעמען, קלייב געשווינד!

אַנדרושעי.

דאָ איז מיר פרעמד, דאָרט איז מיר פרעמד... אויף דער גרעניץ שטעה איך פון לאַנד און לאַנד... פון פאָלק און פאָלק, פון שפראַך און שפראַך. וואָס איך וויל, דאָס איז מיין... אייערע שטימען רופען מיך נישט, אייערע שטימען וועקען מיך נישט. מיין טאַטע האָט מיר גאָר נישט געגעבען, מיין מאַמע האָט מיר גאָרנישט געגע-בען. איך ווייס נישט, וועמען צו געהערען, וועמען צו געהערען.

רב חנן.

בלייב געזונד, מיין אָרים קינד, מיין אָרים קינד.

מלכה'לע.

געה אויפ'ן טאַטענס רב אַנשעלס קבר און בעט מחילה און בעט מחילה... דאָס איז די בעסטע סגולה... די בעסטע סגולה...

יוסף.

פאַרן טאַטענס זינד ליידט דאָס קינד...

מען הערט תקיעות בלאָזען, ווינטען יאָגען.

בן-ציון.

קומט געשווינד, קומט געשווינד. צו אנדרושעין און יוסטינען. בלייבט

געזונט! אלע געהען דורך דעם שלאַגבוים און ווערען פערלוירען ווייט אויפ'ן וועג, וואָס וויזט זיך דאָרט צווישען די פעלדער.

*יוסטינע בלייבט זיצען אויפ'ן שטיין ביים וועג, און אַנדרזשעי שטעהט ביים שלאַגבוים.*

אַנדרזשעי

*שטעהענדיג ביים שלאַגבוים.*

מיין מאַמע האָט מיך פערלאָרען אויפן שייד-וועג, אויפ'ן שייד-וועג. איך ווייס נישט, וואו אַהין צו געהן, וועלכעס איז מיין... איך בין אַ מצבה אויף דעם גלות, וואָס דאָ איז געווען אַמאָל, אויף דעם יוד פון אַמאָל...

*עס הויבט אָן טונקעל צו ווערען, די לבנה בעהאַלט זיך הינטער די וואָלקען, אַלץ הילט איין אַ גרויסער נאַכט-פלעק.*

יוסטינע

*זיצענדיג אויפ'ן שטיין.*

מאַמע ערד, דו הילסט דיך איין אין דיין נאַכט-סוד און געהסט אַריין אין דיר, נעם מיך מיט אין דיר, טוליע מיך איין אין דער טיפעניש פון דיין סוד. מיין מאַמע איז מיר פרעמד, מיין טאַטע איז מיר פרעמד, מיין משפחה איז אַוועקגעגאַנגען אין אַ פרעמד לאַנד. *פויזע.* מאַמע ערד, איך בין דיין קינד, פון דיר געקומען, צו דיר געה איך צוריק, נעם מיך מיט, טוליע מיך איין צו דיין ברוסט. *זי זעצט זיך אויף דער ערד און טוליעט איין אין איהר איהר געזיכט.* וואָס וויינסט דו, מאַמע ערד? וואָס וויינסט דו אַזוי אין דיר?.. ווער איז דאָס צו דיין ברוסט געטוליעט, דאָרט ווייט, דאָרט ווייט, און רייסט די האָר פון דעם קאָפ... און קרעכצט אין דיר און וויינט אין דיר... *זי ווערט אנטשוויגען.*

אסתר'קע

*פון דער חורבה געהט זי ארויס אויף דעם ווייסען שטעגעל, וואָס פיהרט צום וועג צו. זי איז זעהר אַ הויכע. איהר שוואַרצע צעפּ האָר לאָזען זיך אַראָב איבער איהר גאָל־דענעם קלייד, וועלכעס איז מיט אַ ווייס ליילעך ארומגעהילט. אויף דעם שטערן, ארויפ־געפּאַסט אויף די האָר, טראָגט זי אַ זילבערנע קרוין, פון וועלכער עס שיינט ארויס איהר פינקעלדיגער שטערן. זי איז בלינד, האַלט אַ גרויסען שטעקען אין דער האַנד און זוכט מיט'ן שטעקען צווישען די גראָזען, רעדענדיג צו זיך מיט אַ טאָנלויזער, האַלב פער־לוירענער שטים.*

א ס ת ר ׳ ק ע.

איך בין אסתר׳קע, דעם יודישען שניידערס טאָכטער פון אָפּאָלע. דער יוד איז שמוציג, דער יוד איז ברודיג. די יודישע טאָכטער איז שען! דער קיניג האָט מיך געזעהן, אין זיין פּאַלאַץ מיך גע-פיהרט, דעם גאָלדענעם פּאַוואָהאַר מיר אין האַנד געגעבען, פאַר זיין קאָכאַנקע מיך געמאַכט. שווייגט, איהר ווענט, שווייגט, איהר בוימער! אָ, קום צו מיר, מיין מאַן, קום צו מיר, מיין פּאַן דורך הינטער-וועגען, דורך הינטער-שטעגען... פּויזע.

איך בין געשטאָרבען, דער קיניג האָט מיך די אויגען אַרויסגענו-מען, און בעט צו זיי, און קניהט צו זיי... יעצט קאָן איך צו בית דין של מעלה נישט קומען, מוז איך מיר די אויגען זוכען, די אויגען זוכען. זי זוכט מיט׳ן שטעקעל צווישען די גראָזען. נישט דאָ, נישט דאָרט... ווייט אין הינטערגרונד א ווייטע תקיעה קוים צו הערען.. ווער וועקט, ווער רופט?.. וואָס ברענט דאָס מיין געזיכט? וואָס ציהט מיין האַרץ? פאַר חרפּה, צי פאַר גליק? ווער וועט מיך ביי דער האַנד אָננעמען און מיך צו מיין מאַמעס קבר פיהרען?.. פאַר דער צייט, וואָס זי רעדט, געהט זי איבער׳ן שטעגעל, צום וועג צו.

י ו ס ט י נ ע.

קום, שוועסטער לעבען, קום... איך וועל דיך ביי דער האַנד אָנ-נעמען און צו דיין מאַמעס קבר פיהרען... זי נעמט זי אָן ביי דער האַנד און פיהרט זי. ביידע געהען אָב ווייט אין דער נאַכט און ווערען פערנעפּעלט אין דעם טוי-וואָלקען, וואָס שטייגט פון דער ערד און געהט אין הימעל אויף.

אַ נ ד ר ז ש ע י

שטעהענדיג ביים שלאַגבוים, רעדט צו זיך.

מיין מאַמע האָט מיך אויפ׳ן שייד-וועג פערלאָרען, אויפ׳ן שייד-וועג פערלאָרען. איך ווייס נישט, וואו איך זאָל מיך ווענדען, צי רעכטס, צי לינקס? שטעה איך ביי דעם שלאַגבוים און ווייס נישט, ווער איך בין, פון וואַנען איך קום, וואָס איז דיין, וואָס איז מיין. עס איז מיר אַלץ איינס... אַלץ איינס...

דער פאָרהאַנג פאַלט זעהר לאַנגזאַם.

שלום אַש

# אונזער גלויבען

א פאָלקס־שטיק אין פיער אקטען.

# פערזאָנען:

**לייזער.** א דאָרפס־ייִד, א פערד־סוחר אין די פופציגער.

**חנה.** זיין ווייב אין די זעלבע יאָהרען.

**פנחס.** זייער זוהן.

**אסתר.** זייער טאָכטער.

**דער קליינער מחותן.**

**די מחותנת׳טע.**

**דוד׳ל.** אסתר׳ס חתן.

**ר׳ שלמה פיאָנטקער.** לייזער׳ס צווייטער מחותן.

**לאה׳לע.** פנחס כלה.

**פאָטער סטאַך.** א פויער, לייזער׳ס שכן.

**אַנטעק.** זיין זוהן, א יונגער פויער־שייגעץ פון איינינע און צוואַנציג יאָהר.

**קומאַ סטעפאַן.** סטאַכ׳ס און לייזער׳ס שכן.

**ערשטער שדכן.**

**צווייטער שדכן.**

**יאַדוויגע.** א שכנה.

**אַ צווייטע שכנה.**

**יודען, ווייבער, מיידלעך, פויערים, פויערטעס.**

**אָרט:** אין א פוילישען דאָרף.

**צייט:** נאָהענטע פערגאַנגענהייט.

# ערשטער אַקט.

אין אַ פויערען־הויף. אַ גערטענדעל בעוייהט, אין מיטען אַ סוכה־ביידעל. אין היגטערגרונד אַ הויז מיט אַ גרויסע ווערַאנדע. פוןביידע זייטען פעלד, אַ גרויסער וועג מיט טאַפּאָלען בעזעצט. פוהרען פאָהרען, יודען קומען אָן.

**אַ נ ט ע ק,**

*אַ יונגער, געזונטער שייגעץ אין העמד ביי דער ארבייט, ליעגט פערשטעקט אין אַ קופּע אָבגעשניטענע תבואות, קוקט צו די אָנקומענדע פוהרען; אויפגערעגט, שעלט, וויינט, אונבעהאָלפען.*

אַז גאָט זאָל זיי שטראָפען, די פערשאָלטענע יודען, ווי דאָס פאָהרט אָן, איין פוהר, צוויי פוהרען. נאָך דער נשמה פון מיין מיידעל, פון מיין זשידאָווקעלע, פון מיין אסתר׳קע פאָהרען זיי דאָס... איך וועל זי אייך נישט אָבגעבען. מיט׳ן שטן וועל איך זיך ראַנגלען און אייך וועל איך זי נישט אָבגעבען. זי איז מיין... מיין. *ער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און וויינט.* איך וועל עס ניט איבערטראָגען... גאָט, גאָט, שטעה מיר ביי, איך וועל עס נישט איבערטראָגען. *ער שלוכצט.*

**א ס ת ר ׳ ק ע,**

*אַ רויט, געזונד דאָרפס־מיידעל, צוויי צעפּ, אין אַ רויטען סטאַניק אויסגעפּוצט, שלייכט זיך צו צו איהם, זאָגט שטיל מיט רחמנות:*

אַנטעק!

**אַ נ ט ע ק**

*כאַפּט זיך אויף, נעהמט ארום דאָס מיידעל און פרעהט זיך ווי אַ קליין קינד:*

דו מיין זשידאָווקעלע, מיין שלעכט גליק. וואָס ווילען זיי פון אונז?! *ער פאַלט אויף איהר האַלז און וויינט.* איך וועל דיך נישט אָבגעבען, הרג׳ענען און נישט אָבגעבען.

**א ס ת ר ׳ ק ע.**

הער אויף, הער אויף, זיי וועלען הערען, זיי זיינען אין דער נאָהענט.

**אַ נ ט ע ק.**

קום מיט מיר אין וואַלד אַריין. דאָרט וועלען מיר זיך אַדורכשמועסן.

**א ס ת ר ׳ ק ע.**

איך קען נישט, זיי וועלען מיר באַלד זוכען. איך האָב זיך

נור אַרויסגעכאַפּט אויף אַ מינוט. איך האָב געוואוסט, אַז דו ביזט דאָ.

אַ נ ט ע ק.

פון וואַנען האָסטו געוואוסט?

א ס ת ר ׳ ק ע.

דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט.

אַ נ ט ע ק

ערשראָקען, קוקט זי אָן.

ביזט זיך געקומען מיט מיר געזעגענען?

א ס ת ר ׳ ק ע

שווייגט.

אַ נ ט ע ק.

וואָס שווייגסט דו? זאָג מיר באַלד אָן מיין טויט. אָבער האָב נישט קיין מורא, איך וועל דיך נישט אַזוי לייכט אָבגעבען; אַזוי גרינג זאָל זיי דאָס נישט אָנקומען.

א ס ת ר ׳ ק ע

ערשראָקען.

וואָס ווילסט דו טאָן?

אַ נ ט ע ק.

וועסט עס שוין שפּעטער געוואָהר ווערען. אַזוי לייכט וועל איך מיר מיין לעבען נישט לאָזען צוברעכען.

א ס ת ר ׳ ק ע.

אָבער אַנטעק...

אַ נ ט ע ק

אויפגערעגט:

און איהר האָט עפּעס געפּרעגט ווען אַנטעק׳ס יונג לעבען מוז אונטערגעבראָכען ווערען, אַזוי ווי דאָס יונגע בוימעלע וואָס דער הענקער האַקט עס אונטער, אַזוי ווי אַ יונגער הונד, וואָס מען נייט איין אין אַזאַק און מען טאָפּיעט איהם אין וואַסער. אַזוי האָט איהר מיט מיר געהאַנדעלט. אַלע, איהר, דו אויך, דו אויך. אָבער האָט נישט קיין מורא. איך וועל זיך פּאַר אַלע אָברעכענען, ווען מיין לעבען איז ביי

אייך גאָר נישט ווערטה, איז אייער לעבען אויך גאָר נישט ווערטה.

**אסתר׳קע.**

אָבער, אַנטעק, וואָס טהוט זיך מיט דיר? וואָס איז געוואָרען פון דיר? איך דערקען דאָך דיך גאָר נישט; דו ביזט גאָר אַן אַנדערער, עס איז גאָר נישט דו.

**אַנטעק.**

דאָס האָט איהר געמאַכט אויס מיר אַזוי. איך לעב נישט מעהר, צייט דו האָסט מיר געזאָגט, אַז מען שדכנ׳ט דיר דעם שידוך פון דער שטאָדט, אַז דער טאַטע דיינער וויל דיך חתונה מאַכען פאַר דעם רבי׳ן פון דער שטאָדט, און אַז איך זעה ווי די פוהרען פאָהרען אָן מיט די זשידעס דיך אָוועקצונעהמען פון דאַנען, קאָכט אין מיר דאָס בלוט. מיט די הינד וואָלט איך זיי פון דאַנען אַרויסגעיאָגט, די פיס וואָלט איך זיי אונטערגעהאַקט. אין שוהל זאָלען זיי געהן „מאָדליען" זיך, נישט נאָך מיין קרוין קומען, נאָך מיין איינציג גליק. ער נעהמט זי פעסט ארום.

**אסתר׳קע**

קוקט איהם אין פנים אריין מיט פרייד.

וואָס זאָלען זיי טאָן? מיט דיך מיך חתונה מאַכען קענען זיי דאָך נישט.

**אַנטעק.**

פאַר וואָס?! איך בין איין-איינציקער זוהן. מיין טאַטע האָט דריי וואָליק ערד און נאָך זעקס מאָרגעס וואַלד, אַ פולען שטאַל מיט בהמות און צוויי פאָר בולאַנעס צו דריי הונדערט רובעל אַ פאָר. מיין טאַטע אַליין איז אַ גאָספאָדאַרזש און איך בין אַ גאָספאָדאַרזש׳ס אַ זוהן, די שיקסעס פון דאָרף יאָגען זיך נאָך מיר, ווי נאָך שוואָמען. אָ, לאָזען זיי מיר נור געבען מיין גליק. ער נעהמט זי ארום. מיט מיין שטיק ערד וועלען זיי זעהן וואָס פאַר׳ע גאָספאָדאַרסטווע איך וועל מיר מאַכען, וועלען זיי זעהן וואָס פאַרע גאָספאָדאַרזש אַנטעק איז. אַך, וואָלט איך מיר מיין הויז געבויט!

אסתר׳קע
לאָזט אַראָב די אויגען.

און מיר מיינסטו איז גרינג?

אַנטעק.

איך זעה נישט, אַז עס זאָל דיר זיין שווער. די קוה געהט גערן צו יעדען ביק.

אסתר׳קע.

רעד נישט אַזוי, דו קרענקסט מיך אומזיסט. איך האָב ניט קיין אַנדער עצה. וואָס זאָל איך טהאָן?

אַנטעק.

הער זיי נישט, וויל נישט קיין כלה ווערען.

אסתר׳קע.

אָ יאָ, איך האָב מורא. דער טאַטע מיט׳ן ברודער וועלען מיך שלאָגען.

אַנטעק

ווערט אויפגעקאָכט.

זיי שלאָגען דיך, זיי וואַגען?!

אסתר׳קע

פערשעמט.

נישט איין מאָל. ערשט נעכטען, ווען איך האָב געפרואווט עפּעס צו רעדען, אַז איך וויל נישט פאַר דעם יודעל קיין כלה ווערען, האָבען זיי מיך געשלאָגען, מעהרסט דער ברודער.

אַנטעק

אויפגערעגט.

דער פערד-גנב, דער זבראָדנאַרזש, ער וואַגט דיך צו שלאָגען! אַך, איך וועל איהם די פיס אונטערהאַקען. דאָס דאַרף וועל איך אונטערבונטעווען, אַז מען זאָל איהם אַרויסטרייבען פון דאַנען. זאָל ער נור אויף מיין האַנד פאַלען. ער נעהמט אַרום אסתר׳קען. מיין קינד, מיין קליין מיידעלע, מיין כלה האָבען זיי געשלאָגען! אַז גאָט זאָל זיי שטראָפען, די זשידעס. ווייז, ווי זיי האָבען דיך געשלאָגען.

אסתר׳קע.

איך וועל דיר נישט ווייזען. איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט זיי שילטען; עס זיינען מיינע אייגענע.

אַנטעק.

איך וועל זיי נישט שילטען, אַז דו ווילסט נישט. די גנבים, די זשידעס, אַז עס זאָל זיי... ער האַלט זיך איין. ווייז, ווייז, וואו זיי האָבען דיך געשלאָגען.

אסתר׳קע

ווייזט די האַנד.

מיט אַ פּאַסיק האָט ער מיר געגעבען איבער׳ן פּלייצע. בלויע פלעקען האָט ער מיר געמאַכט.

אַנטעק

קושט איהר די האַנד.

אויסקושען וועל איך דיר די פלעקען. אַז גאָט זאָל זיי שטראָפען, וואָס זיי האָבען פון מיין קינד געמאַכט.

אסתר׳קע.

און דו זאָגסט, אַז מיט׳ן גוטען ווילען געה איך טאָן דעם שידוך. קיין קאַלב געהט נישט גערן צום שעכט-הויז.

אַנטעק.

זיי מיר מוחל וואָס איך האָב דיך געקרענקט. אויפגערעגט. וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן? אָ, איך וועל אַהינגעהן צו׳ן איהם, צו דיין טאַטען, און וועל איהם בעטען מיט גוטען. איך וועל איהם קושען די פיס, איך וועל איהם געלד געבען; איך וועל דיך אויסקויפען, מיין קינד, אויסקויפען דיך.

אסתר׳קע

ערשראָקען.

וואָס געהסט דו טאָן? איך האָב מורא.

אַנטעק

בעשטימט.

האָב נישט קיין מורא. איך וויים שוין וואָס איך האָב צו טאָן. מיט גוטען וועט ער דיך אָבגעבען, ווערסט זעהן.

אסתר׳קע.

מיין פאָטער וועט מיך דיך קיינמאָל מיט גוטען נישט אָבּ־געבּען.

אַנטעק.

פאַר וואָס?

אסתר׳קע.

דו ווייסט גאַנץ גוט פאַר וואָס.

אַנטעק.

וואָס וויל איך דען, — אַז ער זאָל זיין גלויבּען ענדערען? איך וויל דאָך נור, ער זאָל דיך אָבּגעבּען. זאָל ער זיך ווייטער אין זיין טייוולישער סינאַגאָגע געהן, אַבּי ער זאָל דיך נור אָבּלאָזען.

אסתר׳קע

ברוגז.

איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אַזוי רעדען אויף אונזער גאָט, אויף אונזער סינאַגאָגע.

אַנטעק.

וואָס זאָגסט דו? האָסט דו שוין חרטה געקריגען? געדענקסט דו נישט וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט.

אסתר׳קע.

איך געדענק גאַנץ גוט. נור צייט דענסטמאָל, צייט איך האָבּ דיר צוגעזאָגט, קען איך נישט רוהען; דאָס האַרץ שרעקט זיך אין מיר, איך האָבּ מורא עס וועט קיין גוטעס דערפון נישט אַרויסקומען.

אַנטעק.

אָ, דאָס האַלט נאָך דיין גאָט פאַר דיר מלחמה; ער בּרענט אַ בּענקשאַפט אין דיין האַרץ. אָבּער אונזער הערר־גאָט וועט זיך פאַר דיר אָננעהמען; דער, וואָס מאַכט נור דעם ערש־טען שריט צו איהם, פאַר דעם נעהמט ער זיך אָן, האָט דער גלך געזאָגט.

אסתר׳קע.

אָ, און איך האָבּ אַזוי מורא. דאָס האַרץ שרעקט זיך אין מיר, און איך שלאָף נישט קיין איין נאַכט, צייט איך האָבּ

דיר צוגעזאָגט... און אַזעלכע שרעקליכע חלומות. איך האָב מורא, אַז אונזער גאָט וועט נקמה נעהמען.

אַ נ ט ע ק.

וועסט דו טאַקע פערלאָזען דיין אַנטעק׳ען און חתונה האָבען מיט אַ פרעמדען, מיט אַ ווילד פרעמדען? ווי וועסט דו דאָס קענען? דאָס האַרץ וועט דיר גאָר נישט וועה טאָן?

א ס ת ר ׳ ק ע

קלעהרט א ווייל.

איך וועל עס טאַקע נישט קענען, ניין, ניין. איך ליעב דיך. זי פאַלט אויף איהם. פון מאַן׳ס בעט וועל איך אַנטלויפען צו דיר, מיין געליעבטער. נור איך האָב אַזוי מורא, אַזוי מורא.

אַ נ ט ע ק

נעהמט זי פעסט ארום.

מיין זשידאָווקעלע, מיין קעלבעל. אָ, ווי ליעב איך דיך. איך וועל עס נישט איבערטראָגען אָהן דיר.

פון דערווייטענס הערט זיך רופען: אסתר׳קע, אסתר׳קע! דאָס מיידעל כאַפּט זיך אויף.

א ס ת ר ׳ ק ע.

אַנטלויף פלינק! אַנטלויף, זיי קומען אָן.

אַ נ ט ע ק.

איך וועל נישט אַוועקגעהן. שווער מיר, אַז דו וועסט מיך נישט פערלאָזען.

א ס ת ר ׳ ק ע.

איך שווער דיר, איך שווער דיר. אַנטלויף, זיי קומען. וויל זיך ארויסרייסען.

אַ נ ט ע ק.

שווער, שווער מיט׳ן גאַנצען האַרץ אָן אונזער גליק, אָן אונזער ליעבע, אַז דו וועסט מיך נישט פערלאָזען.

א ס ת ר ׳ ק ע:

איך שווער דיר, איך שווער דיר. נור אַנטלויף. געדענק אָן גאָט—זיי וועלען אָנקומען, זיי וועלען מיך שלאָגען.

אַנטעק.

די קעפּ וועל איך זיי צושפּאַלטען. שווער, שווער, אַז דך וועסט טאַטע-מאַמע פערלאָזען, דיין אמונה פערלאָזען און נאָך דיין אַנטעק׳ען געהן; אומעטום, אומעטום, וואו ער וועט דיך פיהרען, אַפילו צום טייוועל וועסטו מיט איהם מיטגעהן.

אסתר׳קע.

איך שווער דיר, מיין געליעבסטער, מיין איינציגער. זי קושט איהם אויף די ליפּען. נור אַנטלויף, זיי זיינען שוין דאָ.

אַנטעק.

יעצט געה איך, אַזוי. ער קושט זי. און האָב נישט קיין מורא. איך וועל דיך שוין אַרויסקריגען פון שטן׳ס האַנד. איז עס נישט מיט גוטען, וועט עס זיין מיט בייזען. ער פערשווינדט הינטער דער קופּע. די מוטער קומט אַן.

חנה.

טאָכטער, וואו ביזטו? די מחותּנים זיינען דאָך געקומען. קוקט זיך ארום, זעהט די צעשפּאַלטענע האָר אויף דער טאָכטערס קאָפּ.
אַ בראָך איז דאָך נאָך מיינע יאָהר! האָסט דיך ווידער געטראָפען מיט׳ן שייגעץ, און דאָס היינט, אין דעם טאָג, ווען דו זאָלסט אַ כּלה ווערען! איך וועל זיך דאָך לעבע־דיגערהייט בעגראָבען פאַר חרפּה.

אסתר׳קע.

מאַמע, מאַמעלע קרוין, איך וויל נישט דעם שידוך.

חנה.

טאָכטער, וואָס רעדסטו?! ברענג עס נישט איבער׳ן מויל! דער טאַטע וועט דיך ממית׳ען אויפ׳ן אָרט.

אסתר׳קע.

זאָל ער מיך ממית׳ען! זאָל ער מיך אַ לעבעדיגע בעגראָבען, איך וויל נישט דעם שידוך! איך וועל עס איהם זאָגען.

חנה.

טאָכטער, טהו אונז נישט אָן די חרפּה! מענשען זיינען דאָ: די מחותּנים, די מחותּנת׳טע, און דער חתן איז דאָך אַזאַ שעהנער און אַזאַ גוטער קאָפּ. מיר וועלען זיך דאָך בעגראָ־בען לעבעדיגערהייט פאַר חרפּה. וואָס טהוט זיך מיט דיר?

א ס ת ר ׳ ק ע.

איך וועל עס נישט איבערטראָגען, מאַמע.

ח נ ה.

טאָכטער לעבען, מען האָט דאָך דיר כשוף אָנגעטהון. בייזע לייט האָבען דיר כשוף אָנגעטהון. וואָס איז מיט דיר, טאָכטער?

א ס ת ר ׳ ק ע.

איך ווייס נישט, מאַמע, איך ווייס נישט וואָס איז מיט מיר.

זי וויינט.

ח נ ה

נעהמט זי איין מיט רחמנות:

דאָס טהוט דיר, קינד, וועה. דו ביזט נישט צוגעוואוינט צו פרעמדע מענשען. וועסט דיך צוגעוואוינען, ביזט דאָך אַ יודישע טאָכטער. די מאַמע האָט דאָך דיך אונטער׳ן האַרץ געטראָגען, האָט דאָך געקרענקט צוליב דיר — וועסט דאָך אונז די חרפה נישט אָנטאָן. ווי וועלען מיר דאָס איבערטראָגען? די שטאָדט איז דאָך אונז מקנא, די גאַנצע שטאָדט, אַזאַ זיידענעם יונגען מאַן; אַז מען גיט אַ טאָכטער נאָך די טויזענדער און אַז מען האָט אַ טאַטען אַ רב, קריגט מען דאָך נישט אַזאַ יונגען מאַן. איך וועל דאָך נאָך פון דיר, טאָכטער, נחת דערלעבען.

א ס ת ר ׳ ק ע.

מאַמע, איך ווייס נישט, וואָס איז מיר?

ח נ ה.

דו שעמסט דיך, טאָכטער, ביזט נישט צוגעוואוינט; עס איז א יודישע זאַך, וועסט דיך צוגעוואוינען. יעדע קוה וויל נישט געהן אין שטאַהל אַריין, נור מיר זיינען צו דעם בעשאַפען, קינד. פאַר דעם זיינען מיר פרויען, און אַ פרוי איז אַ זינדיגער מענש, און מוז געהאָרכען צוערשט טאַטע־מאַמע און דערנאָך דעם מאַן. דו וועסט דיך צוגעוואוינען, קינד.

**ל ײ ז ע ר**

אַן עלטערער ייד, אַ הױכער, אַ בײניגער, אַ דאַרער, מיט אַ שיטערער בערדל לױפט אַרױס פון הױז.

װאו איז די מױד? בײז. װאָס טהוט איהר דאָ? די מחותּנתּ׳טע זוכט דאָך אײך אַרום. ער דערמאַנט זיך אַן עפּעס. װאָס? אַהאַ אסתּר׳קע!

**ה נ ה.**

דאָס קינד שעמט זיך. צום ערשטן מאָל פאַר אַזױ פיעל מענשען זיך װײזען. עס איז דאָך אַ מײדעל. זי איז דאָך נישט צוגעװאױנט.

**ל ײ ז ע ר.**

נישטקשה, לאָז זי זיך נישט שעמען. עס איז זיך נישטאָ װאָס צו שעמען. עס איז אַ יודישע זאַך. פיהר זי אַרײן, פיהר זי אַרײן. די מחותּנתּ׳טע װאַרט, מען װיל זי דעם חתן װײזען.

**ח נ ה.**

קום, טאָכטער, קום אַרײן, די מחותּנים װאַרטען.

**א ס ת ר ׳ ק ע**

װײנט.

מאַמע, איך װיל נישט, מאַמעלע קרױן.

**ל ײ ז ע ר.**

װאָס? חתּונות װעט זי מיר נאָך דאָ שפּיעלען! װילסט קריגען מיט׳ן פּאַסיק? ער געהט אַראָבנעהמען דעם פּאַסיק פון די הױזען. אַרײן, זאָג איך דיר. מיט׳ן שײגעץ אַרומלױפען שעמט זי זיך נישט, און דאָ איז זי מיר פּלוצים געװאָרען אַ צדיקית.

**ח נ ה.**

נאַ, לײזערל גנב איז שױן אַרױס מיט דער צונג, אָבגעביסען זאָל זי דיר װערען.

**ל ײ ז ע ר.**

איך מעג. איך בין אַ טאַטע. שעכטען לאָז איך מיך פאַר איהר אַ שטאָל פערד אױספערקױפט און דעם שעהנסטען חתן נעהם איך איהר. איך האָב די פערד אײגגעשפּאַנט און בין צום רבּי׳ן געפאָהרען אין דער ישבה אַרײן און געזאָגט: רבּי, גיט מיר אַ חתן פאַר מײן טאָכטער, דעם טהײערסטען יונגען.

מאן, דעם בעסטען קאָפּ. אַ וועלט איז מיך מקנא, קיינער פאַר־גינט מיר נישט דאָס גליק, שונאים אַרום: אַ דאָרפס־מאַן, אַ פערד־סוחר זאָל קריגען אַזאַ קאָפּ. און איך—צוזעצט זאָלען זיי ווערען! איך מוז זיי ווייזען ווער לייזערל פערד־סוחר איז. דעם בעסטען איידעם פון דער געגענד מוז איך האָבען. אַ שטאַל פערד אויספערקויפט, אַבּי דעם קאָפּ צו קריגען, און זי קווויינקעלט זיך נאָך, און זי וויל נאָך נישט! דו געהסט אַריין? די מחותנת׳טע זאָלסט דו מיר אַ קוש אין דער האַנד געבען, און דעם מחותּן אַ קוש אין דער האַנד, און שטיל ווי אַ טויב; דו ביזט אַ כּלה.

**ח נ ה**

צום מאַן.

געה שוין אַריין. האָסט דיך שוין צורעדט? זי וועט שוין אַריינקומען, וועט שוין אַריינקומען.

**ל י י ז ע ר.**

ניין, נור דאָ אויפ׳ן אָרט לאָז זי מיר אַריינגעהן. איך בּין אַ טאַטע, איך הייס.

**ח נ ה.**

קינד לעבען, טהו מיר צוליעב, צושטער אונז נישט די שמחה, דאָס איינציגע שטיקעל נחת. וואָס מיר האָבען אין דיר דערלעבט. אַז דער רבונו של עולם האָט שוין יאָ אונז דערצו מזכּה געווען אָט אַזוי. זי ווישט איהר אויס די אויגען, מאַכט איהר גלייך די האָר, דאָס קלייד. גאָט זאָל דיר געבען רבקה׳ס חן און רחל׳ס שעהנקייט, אַז דו זאָלסט ביים חתן און די מחותּנים לייטזעליגקייט געפינען. נו, קום שוין, טאָכטער!

**א ס ת ר׳ ק ע**

שטעהט.

**פ נ ח ס**

אַ יונגערמאַן פון איינינגע און צוואַנציג יאָהר, אַ רויה, ענערגיש געזיכט, ערשט בּע־וואַקסען, מאַגער און לענגליך, געהט אַנגעטהון אין לאַנגע קליידער און אַ יודיש היטעל וואָס פּאַסט איהם נישט.

וואו זיינט איהר אַהינגעקומען? די מחותּנים זוכען דאָך אייך, עס איז דאָך אַ שאַנדע פאַר מענשען.

לייזער.

נאַ, זי שטעהט דאָך און טענה'ט איין מיט איהר. זי וויל דאָך נישט אַריינגעהן; עס פּאַסט איהר ניט דער שידוך.

פּנחס

אויפגערעגט.

וואָס? די חרפּה פאַר מענשען! לויפט צו. די מינוט אַריין!

אסתר'קע

האָט מורא פאַר איהם, קאַרטשעט זיך איין.

דער פאָטער מיט'ן ברודער נעהמען זי אונטער די אָרימס און פיהרען זי אין שטוב אריין. די מוטער געהט נאָך און בענשט זי: גאָט זאָל שיקען אַ חן אויף דיר. ווערען פערשוואונדען.

אַנטעק

ועלכער קריכט ארויס פון הינטער דער קופּע תּבואה, הויבט זיך אויף, שטעקט אויס די פויסט אין הויז אריין.

איהר וועט זיך שוין פון מיר אויסריכטען פאַר דער עולה.

לויפט אוועק מיט א יאָמער.

עס ווייזען זיך אין גערטענדעל ארויף און אראָב שפּאַצירענדיג פּנחס און לאה.

פּנחס.

איך דאַנק איהנען פאַר דעם, וואָס זי זענען אַרויסגעקומען און האָבען נאָך איהנס פאָטער מיטגעבראַכט.

לאה'לע.

אַזוי גרינג איז עס נישט אָנגעקומען.

פּנחס

נעהמט אָן לאה'ן ביי דער האַנד.

לאה'לע ווען וועלען מיר שוין האַלטען אַזוי ווייט?

לאה'לע

שווייגט.

פּנחס.

איך וויים, מען שעהמט זיך נאָך מיט אונז, פערד-סוחרים, דאָרפס-יודען. איהנס פאָטער, דער שניט-קרעמער, זאָל ער נור נישט מיינען, אַז אַ פערד-הענדלער איז נישט קיין מענש. אַ הונדערטער קען ער פון דער האַנד באַרגען גיכער ווי

אַן אַנדערער, און די תורה לייענען אויך — זאָל ער מיך פערהערען.

ל א ה׳ ל ע

עס איז נישט אמת, דער טאַטע שעהמט זיך נישט. אַז ער וואָלט זיך געשעהמט, וואָלט ער דאָך נישט אַרויסגעקומען.

פ נ ח ס.

נור פאַר וואָס דען לעגט ער אָב די תנאים? ער ווייסט דאָך, אַז איך געה אויס נאָך דיר. און אויך קיין נדן פרעג איך אויך נישט. פיער שדכנים האָב איך שוין געשיקט צו'ן איהם.

ל א ה׳ ל ע.

ער האָט געוואָלט אָבוואַרטען אסתר׳קעס תנאים.

פ נ ח ס

טריאומפירענדיג.

איך ווייס, ער האָט געוואָלט זעהן, ווער עס וועט דער צווייטער מחותן זיין. איך פערשטעה. נו, האָט ער זיך דעם יחות איינגעריכט. האָבען מיר אפשר מיט מיין שוועסטער אַ שלעכטען שדוך געטהון? אַרב וואָלט אויך קיין בעסערען נישט געטהון. דעם בעסטען בחור פון דער ישיבה אַרויס. עס קאָסט אַ סך געלד—נור מיר האָבען נישט געקוקט.

ל א ה׳ ל ע.

עס איז טאַקע אמת... נור האָב איהן געוואָלט עפּעס בעטען, זעהען זי׳, עס איז נישט שעהן, ווען זי שטעהען אַליין אויפ׳ן אַלטען מאַרק און פערקויפען די מילך — עס קען דאָך אַן אַנדערער שטעהען. און פאַריגע וואָך האָט איהן מיין ברודער געזעהן אויפ׳ן יאַר-מאַרק, ווי זי זענען געשטאַנען מיט אַ חברה פויערים און האָבען גע׳שכור׳ט אין שענקעל; דער טאַטע האָט דערפון עגמת-נפש געהאַט.

פ נ ח ס.

איך שעהם זיך נישט קיין מילך צו פאַרקויפען—געשעפט, איז געשעפט, און ווען מען דאַרף אַ פויער אין שענקעל פיהרען, וועל איך נישט קוקען וואָס די שטאָדט-לייט זאָגען. איך בין אַ דאָרפסמאַן און ווייס וואָס טויג צום געשעפט. אָבער לאַזען זיי מיר נור דיך פאַר אַ ווייב געבען, לאָזען מיר נור,

לאה'לע, די זכיה האָבען חתונה צו האָבען און אַריינציהען זיך אין שטאָדט אַריין און מיר וועלען האָבען אונזער אייגענע שטוב, וועסט דו זעהן אויב איך וועל נישט זיין אַזאַ שעהנער בעלהבית ווי זיי. איך וועל מיר אָנטהון אַן אַטלעַ-סענע קאַפּאָטע און וועל געהן אין שטיבעל אַריין דאַוונען. מעביר זיין די סדרה קען איך ווי זיי, און די תורה לייענען אויך און אפשר דאַרף מען אַמאָל פאַר'ן עמוד שטעהן—וועל איך זיך אויך ניט דערשרעקען: לאָמיר נור, לאה'לע, באַך דער חתונה זיין.

לאה'לע

פערשעהמט.

יאָ, איך ווייס, אַז זי זענען אַ יודישער יונגערמאַן און כאָטש פון דאָרף—וואָלט זיך נאָך אייגער נישט געוואונשען... און נאָך דער חתונה וועלען זי זיך אויפפיהרען גאַנץ שעהן. דורך דעם טאַקע, פּנחס'ל, זאָלען נישט מענשען האָבען צו רעדען, אַז לאה'לעס חתן איז אַ פערד-מאַן, אַז ר' שלמה פיאַנטקער'ס איידימעל פערקויפט מילך אין גאַס. זיי ווייסען דאָך, מענשען זענען שלעכט און איהנס שאַנד איז דאָך שוין מיין שאַנד...

פּנחס

גערירט.

לאה'לע, לאה'לע, לאָמיך נור די זכיה האָבען אַז מיר זאָ-לען אונטער דער חופּה שטעהן. איך וועל זיי ווייזען, ווער פּנחס'ל איז, כאָטש איך קום פון דאָרף, ווען גאָט וועט אונז העלפען, לאה'לע. עס געהט נישט אויס קיין צוויי יאָהר און דאָס שעהנסטע הויז פון שטאָדט מוז אונזער זיין, גבאי אין דער שוהל ווערען, אין די בעדער וועסט דו ביי מיר פּאָה-רען, צוזעצט אַפילו אַז זיי זאָלען ווערען.

לאה'לע.

מען טאָר נישט אַזוי רעדען, פּנחס. מיט גאָט קען מען קיין קאָנטראַקטען ניט מאַכען. און אַז עס וועט חלילה נישט אַזוי זיין, מוז מען אויך צוליעב נעהמען—פּאַר דעם זיינען מיר מאַן און ווייב.

פּנחס.

לאה'לע! לאה'לע! ער נעהמט ארויס פון בוזים־קעשענע א גאָלדענע זייגעריל מיט א קייטעל. זעהסט, וואָס איך האָב דיר געקויפט! דאָס האָב איך פאַר דיר אָנגעגרייט אויף חתונה־געלד. שוין דריי חדשים טראָג איך עס אויף מיין האַרץ אַרום, פאַר דיר אָנגעגרייט. ער גיט עס איהר. איך בעט דיך, נעהם עס פון מיר, נעהם עס דיר אַ מתנה גלאַט אַזוי: אויף חתונה־געלד וועל איך דיר אַ גאָלדענע בראָש קויפען. אין דער שטיל דעם טאַטען דיינעם וועל איך די וועקסלען אָבגעבען. אָט, וואָס פאַר אַ מענש איך בין.

לאה'לע

ניין, פּנחס'ל, כל זמן מיר זענען נישט קיין חתן־כלה, וועל איך פון איהן קיין מתנות נישט צונעהמען.

פּנחס.

פאַר וואָס, לאה'לע? נעהם עס צו, אָבער עס וועט יאָ ווערען שידוך אָדער נישט, נעהם עס צו אַ מתנה פון אַ גוטען פריינד.

לאה'לע

שטרענג.

פּנחס, איך האָב דאָך איהן איינמאָל פאַר אַלע מאָל געזאָגט,—פון אַ פרעמדען יונגען מאַן נעהמט מען קיין מתנות נישט צו, נאָך דערצו אַ מעדעל! עס איז נישט שעהן!

פּנחס.

בין איך דיר פרעמד?

לאה'לע

כל זמן ווי די תנאים זענען נישט געשריבען. פּנחס בעהאַלט דאָס זייגעריל צוריק אין טאַש.

לאה'לע.

זי וועלען מיר אַ געפעליגקייט טאָן

פּנחס.

פאַר דיר.

לאה'לע

האָט עטץ די כלה אַ מתנה געקויפט?

פנחס

שווייגט.

לאה׳לע.

שענקען זי דאָס דעם מחותן. זאָל ער די כלה חתימה-געלד געבען.

פנחס

שפּרינגט אויף.

די גאָלדענע קייט? — עס קאָסט דאָך אַ פערמעגענס.

לאה׳לע.

איך בעט איהן, טהון זי עס מיר צוליעב, איך וועל איהן זייער דאנקבאַר זיין.

פנחס

דערשראָקען

די מתּנה, וואָס פאַר דיר... וועט שוין פון אונזער שידוך גאָר נישט ווערען?

לאה׳לע

שמייכעלט פערשעהמט.

פאַר מיר, פאַר מיר... זענען זי די בעסטע מתּנה...

פנחס

בעריהרט

לאה׳לע? ער קוקט איהר אַן אין די אויגען. טאַקע, די גאָלדענע קייט מיט'ן זייגערל? עס קאָסט אַ סך געלד...

לאה׳לע

שעלמיש.

איך הייס.

פנחס.

אַז דו הייסט, אַז דו הייסט...

לאה׳לע

שאַקעלט צו מיט'ן קאָפּ.

פנחס.

עס קאָסט אַ סך געלד...

לאה׳לע.

איך בעט.

פ נ ח ס.

אַז דו בעטסט, איז עפּעס אַנדערש. קרעכצט.

אין דעם פּאַדער=הייזעל ווייזט זיך דער פאַטער מיט צוויי יודען. דער קליינער מחותן טענה'ט עפּעס און די צוויי שדכנים דינגען זיך.

ל יי ז ע ר.

רופט פּנחס'ן

פּנחס, פּנחס, קום נור אַהער. נאַ, האָסט דו דיר גאָר נייעס!

פ נ ח ס

געהט אריין, צו דער כלה.

איך קום באַלד נאָך. פיהרט די כלה אַב, קומט צו צו די יודען וואָס איז?

ל יי ז ע ר.

זיי ווילען דאָך נאָך צוויי הונדערט רובעל.

פ נ ח ס.

פאַר וואָס? מען האָט דאָך אָבגערעדט.

ד ע ר ק ל יי נ ע ר מ ח ו ת ן.

וואָס האָט איהר געמיינט, איך האָב אויפגעצויגען אַ זוהן פאַר אייך?! צוואַנציג יאָהר האָט דאָס לעבען און געזונד אָבגעקאָסט ביז גאָט, האָט געהאָלפען, — עס איז אַרויסגעקומען אַ פּרי, מיט וועלכע די וועלט שמ'ט, און גאָרנישט — דאָס אייך אַוועקגעבען! פאַר וויפיעל? מען מיינט דאָך, אַז איך בין גליקליך געוואָרען, אָבגעוואויגען מיט גאָלד, אַז איך האָב זיך משדך געווען מיט אַ פערד-הענדלער! פאַר דעם געלד וואָלט איך דאָך געקענט אַ רב פאַר אַ מחותן נעהמען. ער דינגט זיך נאָך! איך נעהם צו מיין סחורה און פאָר אַהיים!...

ל יי ז ע ר.

וואָס וויל ער פון מיר? אַ שטאַל פערד האָב איך אויספער=קויפט, אַז איך זאָל דעם שידוך טהון. שעכטען וועל איך זיך נישט לאָזען פאַר אַ טאָכטער.

פ נ ח ס.

ווענען וואָס האַנדעלט זיך דען אייגענטליך?

ערשטער שדכן.

דאָ האַנדעלט זיך וועגען דעם, אַז דער יוד האָט אָבגעמאַכט דעם שידוך, האָט ער פערגעסען אויסצורעדען.

צווייטער שדכן

פאַלט איהם אין די רייד אריין.

ווער האָט פערגעסען? וואָס פערגעסען? איך האָב גאָר נישט פערגעסען; איך האָב עס פריהער געזאָגט, איך האָב עס באַלד געוואוסט.

ערשטער שדכן.

וואָס האָסטו געוואוסט? וואָס האָסטו געזאָגט?

צווייטער שדכן.

דאָס וואָס דו זאָגסט, דאָס וואָס דו זאָגסט.

ערשטער שדכן

מאַכט איהם נאָך.

וואָס זאָג איך? וואָס זאָג איך?

פנחס.

אפשר וועט מען שוין דאָך געוואָהר ווערען, וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

ערשטער שדכן.

זאָל ער זאָגען, אַז ער ווייסט.

צווייטער שדכן

הויבט אָן דערצעהלען.

ווען איך האָב דעם יודען געטראָפען אין בית־המדרש, האָב איך מיט איהם גערעדט וועגען זיין זוהן. האָב איך איהם געזאָגט, אַז איך ווייס, אַז עס איז דאָ אַ יוד אַ סוחר, וואָס וואוינט אויפ'ן דאָרף.

פנחס.

אָבער וועגען וואָס געהט דאָ?

ערשטער שדכן

דערצעהלט.

דער יוד ער ווייזט אויפ'ן קליינעם מחותן. האָט פערגעסען אויס־צורעדען, אַז דער מחותן זאָל געבען כלה־מתנות — התימה־געלד.

צווייטער שדכן

פאלט אריין אין די רייד.

דאָס האָב איך דאָך געוואָלט זאָגען—כלה־מתנות. ער האָט דאָך אָבגערעדט מיט איהם טויזענד רובעל, האָט ער דאָך געמיינט, אַז די מתנות געהען אַריין אין די טויזענד רובעל.

ערשטער שדכן.

יאָ, אַז איך האָב דיר געזאָגט, ווייסטו.

צווייטער שדכן.

אודאי האָב איך געוואוסט. איך האָב נאָך געוואוסט בעפאָר...

לייזער

שרייט.

געוואַלד, וואָס ווילען די יודען פון מיר?! הערט אויף, וואָרים איך טרייב אייך אַרויס פון הויף.

די מחותנת׳טע

קומט אריין.

וואו ביזטו? דער רב פערהערט דאָך דעם חתן דעריגען.

דער קליינער מחותן.

דבורה, מען זאָל נישט אָנריהרען דעם חתן; מיר וועלען פאַקען די זאַכען און מיר וועלען אהיים פאָהרען.

די מחותנתטע.

משה׳ן? פאַר וואָרין?

פנחס

צו דער מחותנת׳טע.

געהט נור אַריין, געהט נור אַריין; מיר וועלען באַלד אַדורכקומען צווישען זיך.

ערשטער שדכן.

לאָזט נור אונז אַליין; מאַנספערשוינען וועלען שוין אַדורכקומען צווישען זיך.

צווייטער שדכן.

מאַנספערשוינען קומען שטענדיג אַדורך צווישען זיך.

ערשטער שדכן

קוקט איהם אָן.

האָסט געוואוסט, הע?

צווייטער שדכן.

בעפאָר דו האָסט נאָך אָנגעהויבען...

פנחס.

איהר וועט שווייגען?! איז וואָס וועט זיין דער סוף?

לייזער.

נישט קיין גראָשען מעהר! איך בין נישט גע׳שמדט׳ט, נישט געפאַנגען, אַז איך זאָל דאַרפען אָבוועגען מיט גאָלד מיין טאָכטער. וואָס, טרפה בין איך? איך בין אַ פּראָסטער דאָרפס־מאַן, אָבער איך האָב שווער געאַרבעט אויף מיין גראָשען כשר פערדיענט מיט מיינע פינף פינגער. איהר קענט פּרע־גען די פּויערים אויף מיר: איך זיץ מיט זיי פון אָבות אבותינו, קיינער וועט אויף מיר קיין שלעכטס נישט רעדען, איך האָב עהרליך געהאַנדעלט מיט זיי.

דער קליינער מחותן.

אַ שעהנער יחוס—די פּויערים...

לייזער

צוקאָכט זיך.

יאָ, דאָס איז מיין יחוס — די פּויערים! איך שעהם זיך ניט מיט זיי, זיי זיינען מיינע פריינד.

דער מחותן.

איז נישטאָ וואָס צו באַלמוטשען. וואָס שטעה איך?... וויל אוועקלויפען.

ערשטער שדכן

צו פנחס׳ען.

עס איז דאָך נישט שעהן פאַר מענשען. ר׳ שלמה פּיאָנט־קער איז דאָ...

צווייטער שדכן

אויך צו פנחס׳ען.

ר׳ שלמה פּיאָנטקער...

ערשטער שדכן

קוקט איהם אָן.

האָסט געוואוסט, הע?

צווייטער שדכן.

בעפאָר...

פנחס

האַלט אָב דעם קליינעם מחותן.

לויפט ניט, קאָכט זיך נישט. טאַטע, איך גיב מתנות פאַר דער כלה. ער נעהמט ארויס דאָס גאָלדען זייגעריל מיט דער קייט, גיט עס דעם מחותן. נאַט אייך, גיט דער כלה חתימה־געלד.

שדכנים

שרייען אויף.

אהאַ!

דער קליינער מחותן

בעקוקט די קייט מיט'ן זייגער.

עס איז גאָלד? און וואו איז די פּרואוו?

פנחס

ווייזט איהם.

דאָ האָט איהר די פּרואוו.

ערשטער שדכן

כאַפּט די פּרואוו.

אַכט און פופציגער! ריין גאָלד;

צווייטער שדכן

זהב טהור, פינף און אַכט!

ערשטער שדכן

קוקט איהם אָן.

האָסט...

צווייטער שדכן

בעפאָר דו...

לייזער

צום זוהן.

וואָס טהוסט דו? ביזט משוגע געוואָרען!

פנחס.

טאַטע, שוייג. זאָלען זיי זעהן, אַז לייזער פערד־סוחר ווייסט ווי אויסצוגעבען אַ טאָכטער. צום מחותן. וואָס מיינט איהר טאַקע, אַז מיין פאָטער וואָלט אַזוי אויסגעגעבען אַ טאָכטער

און נישט פאַר איהר קיין מתּנות צוגעגרייט. די מתּנות זיינען שוין אָנגעגרייט נאָך פאַר דריי וואָכען צו-פריהער...

ל י י ז ע ר.

פנחס!

פ נ ח ס.

טאַטע, שוויג... אַז מיר האָבען איינמאָל אַ שידוך געטהון קוקען מיר נישט אויף קיין געלד. נישטקשה, מיר קענען זיך דאָס פערגינען.

ע ר ש ט ע ר ש ד כ ן.

ער שפּיעלט זיך מיט זיי! צום מחותּן. אַז אייער זוהן איז אין אַ שמאַלץ-גרוב אריינגעקומען.

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן.

אין איין שמאַלץ-גרוב? — אין צוויי.

ע ר ש ט ע ר ש ד כ ן

קוקט איהם אָן.

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן

שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

ד ע ר ק ל י י נ ע ר מ ח ו ת ּ ן

שרייט אריין צום ווייב.

דבורה, דבורה, לאָז מען צוזאַמענפיהרען חתן-כּלה.

ל י י ז ע ר.

דאָרט שטעהט די וועראַנדע. לאָז מען צוזאַמענפיהרען חתן-כּלה!

ש ד כ נ י ם.

חתן-כּלה

עס קומען ארויס מחותּנים, צווישען זיי ר' שלמה פּיאָנטקער, האַלט זיך פון דערווייטענס פון אַלע, און דער רב, מיט וועלכען ער חבר'ט זיך. חנה פיהרט ארויס די כּלה. אסתּר'קע געהט גאַנץ ברוגז'לעך. די מוטער בענשט איהר נאָך אין דער שטיל. די צווייטע מחותּנת'טע פיהרט דעם חתן, אַ יונג בחור'ל אין אַן אטלאַסענע קאַפּאָטע מיט אַ שטריימעל. מען פיהרט זיי ביידען אין דער וועראַנדע אריין. אין דער צייט ווען דאָס געדויערט רעדט לייזער מיט'ן רב.

ל י י ז ע ר

צום רב.

רבי, זאָגט עפּעס דער חתן גוט?

ד ע ר ר ב.

אַ טהייער קעפּעל.

ל י י ז ע ר

צופריעדען.

רבי, עס קאָסט אַ סך געלד. ביז צום העמד האָט מיך אויס-געטהון דער מחותן. נור עס מאַכט ניט. קוים זאָגט איהר, רבי, אַז ער איז ווערטה — בין איך צופריעדען.

ד ע ר ר ב.

דער רבונו של עולם וועט עס דיר ממלא זיין. דער, וואָס נעהמט אַן איידעם אַ תלמיד חכם, איז עס אַ גרויסע זאַך.

ל י י ז ע ר.

גערירט.

רבי, איך האָב ליעב די תורה. אַליין קען איך נישט לערנען, אַ גראָבער יונג. אָבער מיין זוהן האָב איך געלאָזט לערנען, דעם לעצטען גראָשען און אַ מלמד אין שטוב געהאַלטען. ער קען, רבי, די תורה לייענען, אַ דין וויס ער. איך האָב ליעב די תורה; אַלעס וועל איך אוועקגעבען פאַר איהר. אַז איהר, רבי, זאָגט, אַז ער קען, דער חתן, בין איך צופרידען, וועל איך זיך ביז צום העמד לאָזען אויסטהון פאַר איהם. צום קליינעם מחותן. מחותן, אַלעס וועט איהר ביי מיר פועל'ען רופט לאָז מען צוזאַמענפיהרען חתן-כלה!

ח נ ה

פון דערוויטענס.

שוין צוזאַמענגעפיהרט.

ד ע ר ר ב.

זיינען זיי נור נישט אַליין?

ד י ש ד כ נ י ם.

די מוטערס זיינען אויך דערביי.

חתן-כלה, וועלכע מען האָט צוזאַמענגעפיהרט אין ביידעל, וואָס שטעהט אין מיטען

גאַרטען, — די מוסערס פאַר'ן ביידעל, — זיינען שטיל אַ ווײַלע. דוד'ל קוקט צוערשט אויף דר'ערד, אסתר'קע אויף דר'ערד.

דוד'ל

הויבט אָן מיט הארץ־קלאַפּונג, ניט קוקענדיג אויף דער כלה.

אונזערע חכמים זאָגען: פערציג טעג איידער דער מענש ווערט געבוירען, ווערט שוין זיין זווג אין הימעל אויסגע־רופען. אַז גאָט האָט אונז ביידע פאַר אַ זווג אויסגעקליבען זאָל עס זיין מיט מזל!

אסתר'קע

שווייגט, לאָזט אראָב דעם קאָפּ.

דוד'ל.

אונזערע חכמים זאָגען, אַז איידער אַ מענש טהוט אַ שידוך, איז גלייך, אַז חתן־כלה זאָלען זיך די הערצער אויסרעדען, אויב זיי זיינען גענויגט איינס צום צווייטען.

אסתר'קע

שווייגט, לאָזט אראָב דעם קאָפּ.

דוד'ל

איכ'ל מיט'ן רבונו של עולם'ס הילף האַלטען בכבוד מיין ווייב... איכ'ל אָבהיטען געטריי די חובות, וואָס אַ מאַן איז מחויב צו אַ ווייב... ווי אונזערע חכמים האָבען אונז גע־לערנט. דער רבונו של עולם זאָל געבען און אונזער זווג זאָל עולה־יפה זיין... מיר זאָלען זיין גליקליך...

די ווייבער

ביים ביידעל, פּאַטשען זיך אין די הענד.

מזל טוב! געפעלען זיך, געפעלען!

לייזער.

מיט מיין סחורה האָב איך זיך אויך נישט וואָס צו שעמען. ער נעהמט זיך אָן ביי דער גאָמבע. זעהסט, טאָכטער, וואָס פאַר אַ חתן דו קריגסט. אַ רב איז ער, טאָכטער. נחת וועל איך דערלעבען פון דיר, טאָכטער. ער קושט איהר אין קאָפּ.

פּנחס

שפּרינגט אונטער צום פאָטער און ציהט איהם ביין ארבעל.

טאַטע...

ל י י ז ע ר

צום רב.

רבי, איך האָב ליעב, אַז איך מאַך אַגעשעפט באַלד צו מאַכען אַ כּתב, כּדי דער מחותן זאָל ניט קענען חוזר זיין. רבי, לאָז מען תּנאים שרייבען. דאָ אין גאָרטען וועלען מיר שרייבען די תּנאים; אין שטוב איז וואַרעם. לאָז מען אַרויסטראָגען דעם טיש.

ח נ ה.

ער איז אָנגעגרייט, לייזער, אָנגעגרייט. ווייזט אויפ'ן טיש אויף דער וועראַנדע.

ל י י ז ע ר.

נו, לאָז מען זיך זעצען. מחותנים, שדכנים, וואָס שווייגט איהר?

ע ר ש ט ע ר ש ד כ ן.

עולם, זיך זעצען!

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן.

זעצען עולם...

ע ר ש ט ע ר ש ד כ ן

קוקט איהם אָן.

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן

קוקט איהם צוריק אין פּנים!

דער עולם זעצט זיך, דער רב אויבען אָן, נעהמט זיך די תּנאים צו שרייבען נעבען איהם ר' שלמה פּיאַנסקער, דער קליינער מחותן. דער איבעריגער עולם רעדען צווישען זיך

פ נ ח ס

שלייכט זיך אונטער צו לאה'לען.

כ'האָב איהן געהאָרכט.

ל א ה' ל ע

איך דאַנק איהן, איך האָב עס געוואוסט.

פ נ ח ס.

נור פאַר איהן, עס קאָסט אַ סך געלד.

ד ע ר ר ב

האָט געענדיגט שרייבען.

**ערשטער שדכן**

חתן כלה, אונטערשרייבען!

**צווייטער שדכן**

אונטערשרייבען, חתן כלה!

מען פיהרט צו דעם חתן, דערנאָך די כלה. זיי שרייבען זיך ביידע אונטער. דער מחותן גיט איבער דער כלה פנחס'ס מתנה. חנה מיט דער צווייטער מחותנת'טע ברעכען טעלער. חנה וויינט אויף אסתר'קעס קאָפּ.

**אַלע.**

מזל-טוב, מזל-טוב!

**לייזער.**

נו, עולם, וואָס שווייגט איהר?! מרדכי, ברוך! איהר ווייסט דאָך יאָ, אַז איך מאַך אַ געשעפט, האָב איך ליעב צו טרינקען לחיים. מען גיסט זיך אָן די גלעזער, אַלע ווינשעווען זיך.

**ערשטער שדכן**

גיסט זיך אָן אַ כוס.

לחיים, עולם!

**צווייטער שדכן**

נאָך איהם.

עולם, לחיים!

**לייזער**

צום מחותן.

נו, לחיים! יעצט, מחותן, איז ער, ווייזענדיג אויפ'ן חתן, שוין מיין! איהר וועט מיר איהם נישט אַוועקנעהמען, ער איז שוין מיין! שעכטען וועל איך זיך לאָזען פאַר דעם יונגען מאַן! זאָל ער מיר זיצען און לערנען די הייליגע תורה, און איך וועל אַרבעטען פאַר איהם, פערד פערקויפען, אויף יאָהרמערקער פאָהרען, און דו זיץ און לערען די הייליגע תורה. לחיים, חתן! לחיים, כלה! ער קושט די טאָכטער אויפ'ן קאָפּ. אַז גאָט האָט מיר יאָ די זכיה געגעבען, אַז איך זאָל פון דיר נחת דערלעבען, מיין איינציגע טאָכטער — לחיים, רבי! אַלע טרינקען לחיים, פרעהען זיך. אין הויז ווייזען זיך פאַטער סטאַך און קומאַ סטעפאַן, צוויי שכנים. לייזער דערזעהט זיי, הויבט זיך אויף און געהט זיי אנטקעגען. אַך, די גאָספּאָדאַרזשעס זיינען

גערופן—מיינע שכנים, גוטמאָרגען! איהר זיינט געקומען צו לייזער'ן, ווייל עס איז ביי איהם אַ שמחה, זעהר אָנגעלעגטע געסט.

קומאַ סטעפּאַן.

יאָ, מיר זיינען געקומען, ווייל עס איז אַ שמחה ביי דיר, לייזער.

פּאָטער סטאַך.

מיר זיינען געקומען אי צוליעב דער שמחה, אי צוליעב אַ געשעפט.

לייזער.

צו דער שמחה זיינט איהר אָנגעלעגטע געסט; דאָס געשעפט וועלען מיר אָבלעגען אויף אַן אַנדערס מאָל. עס איז ביי מיר אַ שמחה היינט.

פּאָטער סטאַך.

דאָס געשעפט האָט אַ שייכות מיט דער שמחה.

קומאַ סטעפּאַן.

עס איז טאַקע צוליעב דער שמחה.

לייזער.

אָ, איך בין טשיקאַווע. וועגען וואָס געהט עס?

פּאָטער סטאַך.

קום מיט אונז אין אַ ווינקעל אריין, וועלען מיר רעדען.

לייזער.

יעצט האָב איך געסט.

קומאַ סטעפּאַן.

דערנאָך וועט שפּעט זיין.

לייזער.

אפשר וועט מיין זוהן דאָס געשעפט אָבמאַכען?

פּאָטער סטאַך.

ניין. דו ביזט אַ פאָטער, מיט דיר דאַרף מען רעדען וועגען דער זאַך. דער זוהן איז דאָ גאָרנישט.

לייזער

פערלעגען. צו די מחותנים.

זייט מיר מוחל, די גאָספּאַדאַרזשעס זיינען געקומען, זיי
האָבען עפּעס מיט מיר צו רעדען וועגען געשעפּט.

די מחותנים

ביים טיש.

געהט, ר׳ לייזער, געשעפּט איז געשעפּט. לייזער מיט די פּויערים
געהען אַב אין אַ ווינקעל.

לייזער.

וואָס איז עס, גאָספּאַדאַרזשעס, פּאַר אַ געשעפּט?

קומאַ סטעפּאַן

ווייזענדיג אויף די געסט.

וואָס האַנדעלט איהר דאָ?

לייזער

פערוואונדערט.

האַנדלען? מיר האַנדלען נישט, איך מאַך די טאָכטער פּאַר-
אַ כלה היינט.

קומאַ סטעפּאַן.

וואָרים מיר האָבען געהערט דורך דעם פּלייט אַ גאַנצען
מסחר, ווי אויף אַ יאָהרמאַרק.

לייזער.

אָ, דאָ האָט זיך געהאַנדעלט וועגען נדן, איך האָב זיך מיט׳ן
מחותן צורעדט.

פּאָטער סטאַך.

וואָס גיט ער פּאַר דער טאָכטער דיר?

לייזער.

מיר גיט ער גאָרנישט. עס קאָסט מיך נאָך אַ סך געלד.

קומאַ סטעפּאַן.

איך האָב מורא, אַ שטאַל פּערד וועט דיר די טאָכטער אָבּ-
קאָסטען.

פּאָטער סטאַך.

אָ ווא, און איך בין געקומען דיר פּאָרלעגען אַ געשעפּט.

לייזער;

איך הער.

פּאָטער סטאַך,

גאָספּאָדאַרזש לייזער, מיר וואוינען וואַנד אָן וואַנד שוין יאָהרען ווי לאַנג?

לייזער.

איך בין געבּאָרען געוואָרען דאָ אין דעם הויז.

פּאָטער סטאַך.

גאָספּאָדאַרזש לייזער, אונזערע פּאָטערס האָבען דאָ נאָך אין שכנות געוואוינט; מיר האָבען זיך צוזאַמען אויפגעצויגען און אונזערע קינדער זיינען שטענדיג אינאיינעם געווען. נו, האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מיין זוהן אַנטעק, דו קענסט איהם ווי איך, ווי קומאַ סטעפאַן, אַ יונג גאָר נישקשה׳דיג, און אַ פערמעגען האָט ער אויך אַ שעהנס—האָט זיך פער־ליעבט אין דיין טאָכטער. ער ליעגט אין דער היים און וויינט. איינציג איז ביי מיר דאָס קינד, האָב איך מיר גע־טראַכט, איך וועל אַריבערגעהן צו דיר און איבעררעדען מיט דיר, שכן לייזער: די קינדער האָבען זיך אויפגעצויגען צו־זאַמען, טאָ זאָלען זיי צוזאַמען זיין, גיב די מויד דעם יונג — ער איז זי ווערטה.

לייזער

קוקט איהם אָן גוטמוטיג.

דו לאַכסט, שכן סטאַך?

פּאָטער סטאַך.

ניין, איך לאַך נישט, שכן לייזער. איך מיין ערנסט, איך בין אַן אָפּענער מענש, אַז צום האַנדלען בין איך צום האַנ־דעל. גיט מען הונדערט רובעל גיב איך צוויי הונדערט רו־בעל. גאָספּאָדאַרזש לייזער, דו גיסט דעם יודען, זאָגסטו, אַ סך געלד. איך פערלאַנג פון דיר קיין געלד נישט, אדרבא קענסט מיין שטיק וואַלד, וואָס מיין פאָטער האָט פערפלאַנצט— זעקס מאָרגעס אָבגעצעהלטע, איך גיב זיי דיר אַוועק, און מיין פּאָר בולאַנעס דערצו, און גיב דעם יונג די מויד.

ל י י ז ע ר

בייז. ווערט בלייך.

גאָספּאָדאַרזש סטאַך און שכן סטעפּאַן, וואָס מיינט איהר, לייזער האַנדעלט מיט אַלעס? לייזער האַנדעלט נור מיט פערד און אָקסען, בישט מיט זיין טאָכטער. ער ווייזט אויף דעם חתן, וועלכער זאָגט עפּעס דאָרט ביים טיש. איהר זעהט דעם בחור—דאָס איז מיין וואָלד און דאָס זייגען מיינע בולאַנעס. און איהר גאָספּאָדאַרזשעס, זיינט איהר געקומען אויף מיין שמחה ווי שכנים, זיך פרעהען מיט מיר, די שעהנסטע געסט זאָלט איהר זיין. זיינט איהר אָבער געקומען מיין שמחה צו פערשטערען, פון דעם יודען דאָס געלעכטער מאַכען—האָב איך אַ פּאָר הינד אין שטאַל, און מיט דער בייטש וועל איך אייך אויס דעם הויף אַרויסטרייבען. פּפוי! ער געהט אוועק פון זיי, קומט צו צום טיש, נעהמט א גלאָז אין האנד אריין און זאָגט צום חתן. לחיים, חתן! לחיים! טרינקט אויס דאָס גלאָז.

פ אָ ר ה א נ ג.

---

# צווייטער אַקט:

אַ גרויסע קרעטשמע, אויסגעשיט מיט זאמד און אויסגעשטעלט מיט טיש און בײנק. די פענס־טערלעך מיט פאָרהאנגען און בלומען־טעפּ. טהי־רען פון רעכטס און לינקס. אַ נעבען־צימערעל, אַבגעטהיילט דורך אַ הילצערן װענטעל.

### לייזער

קומט אריין, אנגעטהאן אין אן אטלאסענער קאפאטע, אויפגעקנעפעלט. עס פאסט איהם ניט. פון דער צווייטער שטוב קומט איהם אנטקעגען פנחס אויך אין אן אטלאסענער קאפאטע.

### לייזער

פערוואורערט, אין דער שטיל.

פנחס, מיר געפעלט עס ניט. ער ווייזט אויף זיין קאפאטע און אויף פנחס'עס. דאס איז נישט פאר אונז. איך האב מורא מיר וועלען זיךביידע א שווארץ יאהר אויסריכטען. מיר זעהען דאך אויס... מענשען וועלען דאך לאכען אין די פויסטען.

### פ נ ח ס.

זארג זיך נישט טאטע, לאזען זיי לאכען, לאזען זיי צופלאצט ווערען פאר קנאה. מיין נישט, אז אלע וואס טראגען אטלאסענע קאפאטעס קענען לערנען. מעביר זיין די סדרה, אין דער תורה לייענען קענען מיר ווי זיי, און א שידוך האבען מיר געטהון, וואס דער רב אליין קען ניט טהון. וואס איז? זאלען זיי צופלאצט ווערען פאר קנאה, אז זיי ווילען. וואס ארט עס דיך, זאלען זיי לאכען.

### לייזער.

פנחס, דו געפעלסט מיר נישט; דו לאכסט אויס דער וועלט פנחס. זעה מען זאל נישט לאכען פון דיר. דאס מאלבוש איז נישט פאר אונז, מיר זיינען פראסטע דארפס-לייט, און דאס איז א מלבוש פאר רבנים, גוטע יודען.

### פ נ ח ס.

טאטע, מיר זיינען אויך רבנים, מיר זיינען אויך גוטע יודען, מיר האבען אזוי רעכט צו טראגען אן אטלאסענע קאפאטע ווי אנדערע. דער מחותן ר׳ שלמה פיאנטקער קומט אויף דער חתונה אויך אין אן אטלאסענער קאפאטע. אז ער טראגט, מעגען מיר אויך טראגען.

ל י י ז ע ר.

אָבער, פּנחס, געדענק, מענשען װעלען לאַכען, װעלען חוזק מאַכען אין די פּויסטען אַריין. עס קומט אריין חנה מיט אויס־געװיינטע אויגען. װאו ביזטו, איך זוך דאָך דיך אַרום! נאַ, זעה, װי דיין זוהן האָט מיך אויסגעפּוצט! פּאַר ארב האָט ער מיך געמאַכט. װאָס זאָגסטו נישט צו דעם שװאַרץ־יאָהר!

ח נ ה.

איהר שטעהט דאָ און גיט זיך אָב מיט נאַרישקייטען און דרינגען ליגט די מויד און װיינט זיך די אויגען אויס. איך װייס נישט װאָס איז מיט איהר, מען האָט איהר אַ כשוף אָנגעטהון.

ל י י ז ע ר.

װאָס װיל זי? װאָס װיל זי פון מיר האָבען? דעם בעסטען חתן האָב איך פאַר איהר אויסגעקליבען, דעם טהייערסטען קאָפּ פון דער ישיבה אַרויס, אַמאַיאָנטעק קאָסט מיך די מויד, װאָס װיל זי נאָך האָבען?!

פּ נ ח ס.

אַז דו הערסט װאָס זי רעדט, האָט זי דאָך רעכט; דו דאַרפסט אַריינגעהן צו איהר מיט'ן פּאַסעק און לערנען מיט איהר דרך־ארץ, װאָלט זי געװוּען געװואוסט װאָס זי װיל.

ל י י ז ע ר

עפענט אויף די טהיר פון צימער, װאו די טאָכטער געפינט זיך.

אסתר, װאָס װילסטו פון מיר האָבען? זאָג, װאָס זאָל איך טהון? ער געהט אריין אין צימער און שלעפּט ארויס די טאָכטער, װעלכע איז יום־טוב'דיג אנגעטהאָן. װאָס װילסטו, אַז איך זאָל איצט, אַ שעה פאַר דער חופּה, װען אַלע מחותנים זיינען זיך שוין צוזאַמענגעקומען, דעם שידוך אָבלאָזען? אַז די גאַנצע װעלט זאָל האָבען מיט מיר צו טהון? מען פערגינט דאָך מיר סיי װי סיי ניט דעם גליק! די װעלט איז דאָך שלעכט. נור קוים האָט מיך שוין דער רבונו של עולם גע־האָלפען און איך קען טהאָן דעם שידוך װאָס איך װיל — װילסטו נישט. נור װעמען דען װילסטו, זאָג! דעם קומאַ סטאַך'ס זוהן. הע? דעם שגץ װילסטו, הע? מיט איהם זאָל

איך דיך חתונה מאַכען, צו דער חופּה פיהרען? אין דער קירכע, וואָס? ער מאכט אַ פאַר פויסטען..

חנה

וואָס ווילסטו פון דעם קינד, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף איהר? הער שוין אויף!

פּנחס.

אַז דו האָסט זיך אַוועקגעשטעלט מיט איהר אויס׳טעוה׳ן האָט זי דאָך רעכט. וואָס האָסטו דיך אַוועקגעשטעלט? די מחותּנים וואַרטען דאָך אויף אונז. קום, וואָס רעדסטו מיט איהר?

חנה.

געהט שוין, איך וועל שוין אַדורכקומען מיט איהר.

לייזער

צו דער טאָכטער.

איך בעט דיך, פערשטער מיר ניט די שמחה. עס איז דאָך פאַר דיר אַלעס, טאָכטער, פאַר דיר אַלעס. ער קושט איהר אין קאָפּ. אַז גאָט האָט מיר געהאָלפען און איך קען דעם שידוך טהון—דאַרפסטו דאָך זיך פרעהען מיט מיר, טאָכטער, מיין איינציג קינד. ער קושט איהר אויפ׳ן קאָפּ.

פּנחס.

נו, קום שוין, טאַטע, קום שוין, די מחותּנים זיינען דאָ!

לייזער.

אָט געה איך שוין. חנה, צינד אָן די לאָמפּען, עפען אויף דעם בראַנפען און שנייד דעם לעקעך! ווילען מיר היינט מיין ווייב, אַ חתונה מאַכען, אַז די שונאים וועלען צוזעצט ווערען. פון אַלע קראַנען זאָל זיך אָקעווויט גיסען, ווי וואַסער! אַז גאָט האָט מיר געהאָלפען און איך קען אויסגעבען אַ טאָכטער פאַר אַ רב... אַ רב, זאָג איך דיר, מיין ווייב, איז ער! אַ רבּי׳צען וועסטו זיין, מיין טאָכטער! אַ רבּי׳צען מוזטו זיין! אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ גאָלדענע קייט האָב איך איהם געקויפט! אין חסידים-שטיבעל וועט ער דאַווענען, מיט די סאַמע גרויסע חסידים. און שאלות וועט ער פּסק׳ענען, וועסט זעהן, ער וועט שאלות פּסק׳ענען!—אַ חתונה זאָל היינט דאָ זיין!

פּנחס.

טאַטע, האַלט דיך איין, איך בעט דיך, רעד נישט קיין סך עס איז ניט שעהן פאַר מענשען.

לייזער.

וואָס לערענט ער מיך, וואָס וויל ער פון מיר האָבען? גאָט האָט מיר געהאָלפען און איך וועל מיך שעמען צו זיך פרעהען פאַר מענשען? נאָך וועמען פרעג איך, פאַר וועמען האָב איך מורא, אז גאָט העלפט מיר! איך וועל זיך פרעהען מיט דער מתנה, וואָס גאָט האָט מיר געשאָנקען, מיט מיין חתן — און זאָלען מענשען צוזעצט ווערען! וואָס געהען זיי מיך אָן.

פּנחס.

טאַטע.

חנה.

נו, געה שוין, געה. איך וועל שוין אַלעס מאַכען

לייזער.

נו, געה איך שוין. קום, מיין זוהן! ער נעהמט איהם אונטער'ן אָרעם און זיי געהען ביידע ארויס. עס הויבט אָן צו טונקלען.

חנה.

און זעהסטו, טאָכטער, ווי דער טאַטע איז גליקליך? און פאַר וואָס שווייגסטו? פאַר וואָס וויינסטו? פאַר וואָס פרעהסטו דיך נישט, טאָכטער? עס איז דאָך היינט דיין שמחה, דיין אויסדערוועהלטע שמחה! ביזט דאָך היינט אַ קעניגין, אַ פּרינצעסין! אַ יודישע טאָכטער, אין דעם טאָג פון איהר חתונה, איז דאָך אַזוי ריין ווי אַ מלאך. גאָט איז דאָך איהר אַלעס מוחל, און וואָס זי וויל קען זי זיך דאָך אויסבעטען ביי גאָט. ביזט דאָך הייליג היינט ביי גאָט, מיין קינד, בעט גאָט אַז ער זאָל דיך ביישטעהן, אַז ער זאָל דעם יצר-הרע פון דיר דערווייטערען, און זאָל דיר געבען חן און לייט-זעליגקייט אין מענשען'ס אויגען און אין דיין מאַנס אויגען! דער טאַטע, דער ברודער, זיינען דאָך מאַנספערשוינען, און אַ מאַנספערשוין'ס האַרץ איז שטענדיג פערשלאָסען פאַר דעם ווייב. אָבער איך בין דאָך דיין מאַמע, איך פיהל דאָך

יאָ, מיין קינד, ווי עס איז דיר הײנטיגען טאָג. זי נעהמט זי ארום.

**אסתר'קע**

קלאמערט זיך אום דער מוטער.

מאַמע, איך האָב אַזוי מורא, געה ניט אַוועק פון מיר; מאַמע, לאָז מיך נישט אָב, איך וויל ביי דיר זיין שטענדיג-שטענדיג.

**חנה.**

טאָכטער לעבען, געהסט דאָך צו דיין מאַן. מיר זינדיקע ווייבער זיינען צו דעם בעשאַפען, אויסרייסען מוזען מיר פון האַרץ טאַטע-מאַמע, און צו פרעמדע מענשען געהן. דער מאַן ווערט דיר דער טאַטע מיט דער מאַמען, דו מוזט איהם געהאָרכען, מוזט זעהן צו געפינען חן אין זיינע אוי-גען, מיר זיינען צו דעם בעשאַפען.

**אסתר'קע**

קלאמערט זיך אן איהר.

מאַמע. ווערסט מיך נישט פערלאָזען, ווערסט מיך נישט שיל-טען, מאַמע, געה נישט אַוועק פון מיר.

**חנה.**

פאַר וואָס זאָל איך דיך פערלאָזען? פאַר וואָס זאָל איך דיך שילטען, מיין קינד, וואָס רעדסטו? רעדסט פון היץ דערשראָקען. וואָס איז דיר, מיין טאָכטער?

**אסתר'קע.**

איך ווייס נישט, מאַמע, וואָס מיר איז; דאָס האַרץ שרעקט זיך אין מיר, איך האָב מורא, מאַמע.

**חנה.**

פאַר וואָס האָסטו מורא מיין קינד? אפשר האָסטו אַמאָל אויסגערעדט אַ וואָרט וואָס מען טאָר ניט, אָדער אַ געדאַנק געהאַט, חלילה, אַ שלעכטען, בעט גאָט ער זאָל דיר מוחל זיין, און זאָג איהם צו, אַז דו ווערסט ניט מעהר געהן אויף דעם שלעכטען וועג, אויף וועלכען דער יצר-הרע האָט דיך געשטופט, אַז דו ווערסט שווער און שוויגער האָרכען און דיין מאַן געטריי זיין. ווערסט אָבהיטען די מצוות פון דער

יודישער פרוי; חלה פון טויג נעהמען, ליכט בענשען און מיט דיין מאַן אין ריינקייט לעבען, וועט דיר גאָט דערפאַר כשר׳ע קינדער געבען, יודישע קינדער, גרויסע תלמידי חכמים. בעט גאָט ער זאָל דיר מוחל זיין.

**אסתר׳קע**

אין שרעק

איך ווייס נישט ווי אַזוי צו זאָגען מאַמע.

**חנה.**

געדענקסט, טאָכטער, ווען דו ביזט אַ קליין קינד געווען, האָסטו מיט דער מאַמען יעדען טאָג מודה אני געזאָגט, האָסט פערשטעלט די אויגען און די מאַמע האָט די הענד אויפ׳ן קאָפּ דיר אַרויפגעלעגט און דו האָסט נאָכגעזאָגט יעדעס וואָרט, געדענקסטו, מיין קינד?

**אסתר׳קע.**

איך געדענק

**חנה.**

ווילסטו יעצט, מיין קינד, מיט דער מאַמען מודה אני זאָגען?

**אסתר׳קע.**

איך וויל, מאַמע.

**חנה.**

פערשטעל די אויגען און זאָג נאָך מיט דער מאַמען, וואָרט ביי וואָרט. אסתר׳קע פערשטעלט זיך די אויגען מיט די הענד, די מוטער לעגט אַרויף איהר האַנד אויף דער טאָכטער׳ס קאָפּ, און זאָגט מיט דער טאָכטער וואָרט ביי וואָרט. רבון כל העולמים, איך קום צו דיר מיט אַ געבראָכען האַרץ, שטאַרק מיין האַרץ צו דיר און דערווייטער דעם יצר-הרע פון מיר און יעדעס שלעכטס. אפשר האָב איך אַ וואָרט אַרויסגערעדט, אָדער אַ געדאַנק געהאַט ניט אין דיינע וועגען צו געהן, זאָל עס זיין בטל כעפרא, און דער יצר-הרע זאָל איבער מיר קיין שליטה ניט האָבען, און איך בעט דיך, טהייערער גאָט, אַז דו זאָלסט מיר מוחל זיין אין דעם זכות פון מיין חתן, וואָס ער זיצט און לערנט צו דיר טאָג און נאַכט, און וואָס איך

גיב מיך איבער בלינד אין זיינע הענד, ווי אַ קאַלב, אַזוי ווי דו האָסט בעפוילעןָ, און וועל אָבהיטען די דינים און מצוות, וואָס דו האָסט דעם זינדיגען ווייב בעפוילען, און לעבען מיט איהם אין ריינקייט, ווי אַ כשר׳ע יודישע טאָכ־טער. פאַר דעם זאָלסטו מיך מזכה זיין צו האָבען קינדער מיט איהם אין ריינקייט, און איך זאָל קענען זיי אויפצי־העז צו דיענען דיין טהייערען נאָמען. און שיק אַ ברכה און אַ הצלחה אויף מיין קעפּעלע, אַז איך זאָל געפינען חן אין מיין מאַנ׳ס אויגען, און איך וועל היטען און טהון וואָס מיין מאַן וועט מיך הייסען, און וואָס אלע גוטע און פרומע לייט וועלען מיך הייסען — אמן סלה.

אסתר׳קע

ציהט לאנגזאם דעם אָמן.

חנה.

נו, טאָכטער, ועסט פאָלגען וואָס דו האָסט דאָ געזאָגט?

אסתר׳קע.

יאָ, מאַמע, איך וועל פאָלגען.

חנה

גליקליך.

וועט דיר דער רבונו של עולם העלפען. אַזוי האָב איך דיך ליעב, טאָכטער. זי קושט זי אין די אויגען. דו ביזט דאָך אַ כשר יודישע קינד. נו, באַלד איז די חתונה, די מחותנים וועלען דאָך באַלד אַריינקומען. פון הינטער׳ן פענסטער הערט זיך אַ גרימפּ־לען פון אַ פידעל. נאַ, זעה. די כּלי-זמרים זיינען שוין דאָ, וועה איז מיר, און איך האָב נאָך גאָר נישט געטהאָן. וואו איז די מוהמע? זיינען שוין די פיש אָבגעקאָכט? זי עפענט אויף די טהיר. נו, קומט, כּלי-זמרים, קומט אַריין! איך וועל לוי־פען צו די פיש, טאָכטער; גרייט מיט די מיידלעך צום טיש, די מחותנים קומען. חנה אַב דורך אַן אנדער טהיר. אין פענסטער ווייזט זיך אנטעק.

אַנטעק

שטעקט אריין דעם קאָפּ דורכ׳ן פענסטער.

אסתר׳קע!

א ס ת ר ׳ ק ע

דערזעהט איהם, מיט שרעק.

דו — דאָ !?

אַ נ ט ע ק.

יאָ איך האָב דיך גערופען מיט דעם פידעל ער ווייזט איהר דאָס פידעלע. ווי דענסטמאָל, ווען מיר זיינען צום ערשטען מאָל אין וואלד געגאַנגען. דו געדענקסט? דעמאָלט האָב איך דיך אויך גערופען אַזוי ער גרימפּעלט דעם פּוילישען ניגון.

א ס ת ר ׳ ק ע.

הער אויף, געדענק אין גאָט! הער אויף, זיי וועלען הערען

אַ נ ט ע ק.

עס וועט קיינער נישט הערען. איך בין דאָ אין בערטענדעל פערשטעקט, צווישען די קשאַקעס, איך וואַרט אויף דיר. אסתר׳קע. היינט איז די לעצטע נאַכט. ווענסטו נישט היינט מיט מיר געהן, אסתר׳קע, איז אַלעס אלעס פערפאַלען.

א ס ת ר ׳ ק ע.

אַנטעק, קרוין, אָ...

אַ נ ט ע ק.

איך האָב צוויי פּוילישע מוזיקאַנטען אָבגעדונגען, אַז זיי זאָלען שפּיעלען לעבעדיגעס, דער עולם זאָל פרעהליך זיין; אין מיטען טאַנץ, ווען דער עולם וועט שכור׳לעך זיין, וועל איך דיך פון דער חתונה אַרויס׳גנב׳ענען. אויפ׳ן וועג, הינ־טער׳ן וועלדעל, וואַרט דער קומאַ מיט דער פוהר, די בעסטע צוויי בולאַנעס איינגעשפּאַנט.

א ס ת ר ׳ ק ע

ציטערט.

רעד נישט אַזוי, אָ, אַנטעק; איך וועל נישט געהן מיט דיר.

אַ נ ט ע ק

דערשראָקען.

וואָס רעדסטו, אסתר׳קע! אין דער שטאָדט וואַרט שוין אויף אונז דער קסאָנדז פּראָבאָזש, וועסט אין קלויסטער צוויי וואָכען זיין, ביז דו וועסט דעם הייליגען סאַקראַמענט אָנ־נעהמען, דאַן זיינען מיר שוין מאַן און ווייב.

**א ס ת ר ׳ ק ע.**

אוי, אַנטיק, איך וועל נישט געהן מיט דיר; מיר מוזען זיך שוין צושיידען, אַנטעק. איך וועל שוין געהן מיין וועג און דו דיינעם.

**אַ נ ט ע ק.**

פאַר וואָס, אסתר׳קע? איז דאָס אַלעס פון די געטרייע רייד, וואָס דו האָסט געשוואוירען מיר, אַז דו וועסט געהן נאָך מיר אין פייער און וואַסער. אוי, וועה איז צו אַנטעק׳ן! ער וועט שוין מוזען אין קרעטשמע געהן, אָדער אין וואַלד אריין, אפשר וועט ער דאָרטען טרעפען אַ הויכען בוים... אָדער אַ טונקעלען סטאַוו, ביי וועלכען מיר פלעגען זיצען אַזוי אָפט צוזאַמען, אסתר׳קע, פערשטעקט אין גראָז זומער פאַרנאַכט.

**א ס ת ר ׳ ק ע.**

רעד נישט אַזוי. דו שניידסט מיר דאָס האַרץ. געה אַוועק, אַנטעק, די מאַמע וועט באַלד קומען צוגעהן און אונז טרע-פען ביים פענסטער שטעהן.

**אַ נ ט ע ק.**

עס איז מיר שוין סיי ווי סיי אַלץ איינס. זאָלען זיי קומען, זאָלען זיי זעהן. וואָס טויג מיר מיין לעבען מעהר, ווען מיין אסתר׳קע איז ניטאָ מעהר, איז מיר גלייכער דער קאַלטער טויט.

**א ס ת ר ׳ ק ע**

געהמט איהם ארום דעם קאָפּ.

רעד נישט אַזוי. דו שניידסט מיר מיין האַרץ. וועסט געפי-נען דיין בעשערטע; שיקסעס זיינען דאָ אַ סך אויפן דאָרף

**אַ נ ט ע ק.**

אָ, ניין, אסתר׳קע, ניין, די וועלט איז שוין פאַר אַנטעק׳ן אַ צוגעמאַכטע גרוב, ווען זיין אסתר׳קע איז נישטאָ מעהר.

**א ס ת ר ׳ ק ע.**

אָ, אַנטעק, דיין אסתר׳קע איז שוין טויט; זי מוז אין דער שטאָדט אַריין.

אַנטעק.

און ווי ווּעסט דו דאָרט קענען אין דער שטאָדט זיין, אין דער שמוציגער יודישער גאַס? און דאָ ווּעלען שוין די פעלדער זיין טריב; אסתּר׳קע וועט שוין נישט איבער זיי שפּאַצירען געהן. און דער וואַלד וועט זיין שטום, און דאָס וואַסער פון סטאַוו וועט יוערען בעשלייכט; אסתּר׳קעס אויג וועט שוין נישט קוקען אין איהם... אַלעס וועט ווערען פאַר אַנטעק׳ן שטום און טויב, ווען זיין אסתּר׳קע וועט נישט זיין דערביי.

אסתּר׳קע.

אַנטעק געטרייער, פלאָג נישט מיין האַרץ. עס איז שוין אויך אַזוי געגוג געפּלאָגט, אַז זי מוז פערלאָזען דאָס דאָרף מיט די לאָנקעס מיט איהר אַנטעק׳ען און אין שטאָדט צו אַ פרעמ־דען מאַנספּערשוין געהן. נור עס איז פערפאַלען; גאָט האָט אַזוי געהייסען.

אַנטעק.

האָט דען גאָט געהייסען, אַז אַנטעק׳ס הויז זאָל פערוויסט ווערען פון דעם ערשטען טאָג אָן, ווען ער האָט׳ס פאַר זיין אסתּר׳קען אָנגעהויבען צו בויען? האָט דען גאָט געהייסען, אַז צוויי לעבענס זאָלען אונטערגעבראָכען ווערען ווי די בוימלען, וועלכע מען האַקט אונטער מיט אַ האַק אין וואַלד? ניין, אסתּר׳קע, ניין. גאָט איז אַ גוטער און האָט ניט געהיי־סען אסתּר׳קען פון איהר אַנטעק׳ען אַוועקנעהמען — פונקט אַזוי ווי ער האָט נישט געהייסען, אַז דער אַקער זאָל פון דר׳ערד אָבגעשיידט ווערען.

אסתּר׳קע.

איך ווייס נישט, אַנטעק. טאַטע־מאַמע זאָגען אַזוי.

אַנטעק.

טאַטע־מאַמע זאָגען נישט גוט. הער זיי נישט, ווען זיי היי־סען דיך דיין אַנטעק׳ען פערלאָזען. האָסט מיר געשוואוירען פאַר גאָט, אַז דו ווּעסט נאָך מיר געהן

אסתּר׳קע.

געה, אַנטעק, געה, איך האָב מורא זיי ווּעלען אָנקומען צו געהן.

אַ נ ט ע ק.

איך וועל נישט געהן. ווי אַ הונד וועל איך ליגען הינטער דעם פענסטער דאָ און אָבוואַרטען מיין אסתּר׳קען, אַז מען זאָל זי מיר ניט אַוועקנעהמען. איך וועל מיך ראַנגלען פאַר דיר, איך וועל דיך רופען, אסתּר׳קע, ביז דו וועסט געהן מיט מיר. אָט אַזוי וועל איך דיך רופען ער גרימפּעלט אויפ׳ן פידעלע. ווי דענסמאָל, ווען מיר זיינען ביידע געזעסען אין וואַלד. ער נעהמט זי אַרום. זאָג, וועסט געהן נאָך מיר?

א ס ת ר ׳ ק ע.

איך ווייס נישט, אַנטעק. מיין האַרץ איז מיר שווער. מיר לאָז אָב. געה, אַנטעק, געה, אָט קומען זיי צו געהן.

אַ נ ט ע ק.

ניין איך וועל דיך נישט נאָכלאָזען. מוזסט מיר שווערען, אסתּר׳קע. איך האָב שוין האָלץ אָבגעלעגט אויף אַ הויז. דאָרט ביים עק וואַלד, וואו דו האָסט מיר געשוואוירען, אַז דו וועסט זיין מיין, האָב איך האָלץ אָבגעלעגט פאַר אַ הויז פאַר מיר מיט דיר. זאָג, אסתּר׳קע, וועסט געהן מיט מיר?

א ס ת ר ׳ ק ע.

לאָז אָב, געדענק אָן גאָט; אָט קומען זיי צו געהן.

אַ נ ט ע ק

ניין. שווער דאָ אויפ׳ן אָרט.

א ס ת ר ׳ ק ע

פאַלט איהם אויפ׳ן האַלז.

איך האָב מורא, אַנטעק.

אַ נ ט ע ק.

קושט איהר דעם קאָפּ.

האָב נישט קיין מורא. איך ליעג ווי אַ הונט הינטער׳ן פענסטער און היט דיך אָב, און ווען איך וועל רופען, אסתּר׳קע, וועסטו געהן נאָך מיר?

א ס ת ר ׳ ק ע

קושט איהם.

אָבער געה יעצט, אַנטעק, געה. אָט קומען זיי שוין אַריין.

אנטעק.

דו מיין גליק, האָב נישט קיין מורא. איך וועל קומען נאָך דיר. איך וועל מיך פערשטעלען פאַר אַ יוד; איך וועל טאַנ־צען מיט דיר; איך וועל דיך פון דער חתונה אַרויס־גנב׳ע־נען. ווי אַ הונד וואַרט איך דיך אַב; איך וועל זיך ראַנגלען מיט׳ן שטן. איך וועל נישט אָבלאָזען.

די טיר עפענט זיך. עס ווייזט זיך די מוטער. אנטעק פערשווינדט.

חנה

קומט אין שטוב אריין, קוקט זיך אום פערוואונדערט.

דו ביזט אַליין? וואו זיינען די מוזיקאַנטען? ביזט די גאַנ־צע צייט געווען אַליין? עס האָט דאָך, חלילה, געקענט נישט קיין גוטעס געשעהן. אַ כלה טאָר נישט זיין אַליין אין דעם טאָג פון איהר חתונה. גאָט בעהיט, וואָס האָט געקענט זיין. קוקט זיך ארום. איך האָב דאָך מוזיק געהערט. ווער איז דאָ געווען? מיר איז עפעס אַזוי. שפייט אויס.

אסתר׳קע.

עס האָט פון דרויסען געשפיעלט—נאָ, הער. עס דערהערט זיך פון דרויסען מוזיק.

חנה

עפענט אויף די טהיר.

נאָ, קומען שוין די מוזיקאַנטען. וואו זיינט איהר געווען אַזוי לאַנג? די כלה געלאָזט אַליין.

די כלי זמרים

פון דרויסען.

געדאַרפט זיך מיט די מחותנים משוה זיין.

חנה.

נו, קומט שוין, קומט שוין אַריין. די כלה איז די גאַנצע צייט אַליין. צינדט אָן דעם לאָמפּ.

מוזיקאַנטען קומען אריין. עס איז אַ קליין־שטעדטיגע יודישע מוזיקאַנטען־קאַפּעלע זיי זעהען אויס ווי זייערע אינסטרומענטען. דער פידלער אַ הויכער און אַ דאַרער, די טראָמפּייט אַ דיקער און אַ קיילעכדיגער, דער באַס מיט אַ הויקער. הינטער זיי בעהט דער בדחן, מיידלעך, ווייבער. עס רייסען זיך אויך אריין פויערים,

שקצים, שיקסעס, טהייל מיט פידלען. די כלי־זמרים שפּיעלען אָב אַ „דזשין דאָברי״.

לאה'לע קושט זיך מיט דער מחותנת'טע, מיט דער כלה. די מיידלעך זעצען די כלה אוועק אויף אַ פּאָטער־שטוהל, פערשפּרייטען בלומען ארום איהר, נעהמען זיך צוזאמען אַ פּאָר גראָשען פון די בייטלעך צו געבען די מוזיקאנטען. די מוזיקאנטען שפּיעלען אַ מארש. די מיידלעך טאנצען, די מוזיקאנטען הערען באלד אויף.

די מיידלעך

אין טאנצען.

שוין? נאָך אַ ביסעל! זיי וואַרטען.

דער פידלער.

גענוג פאַר דעם געלד. היידאַ, ווייטער.

די מיידלעך נעהמען זיך ווייטער צוזאמען אַ פּאָר גראָשען און וואַרפען אריין אין טעצעל.

דער פידלער.

בעריל טראָמפּייטער, טראָמפּייטער זיי אָן פאַר נאָך דריי גראָשען. מען טראָמפּייטערט אָן, די מוזיק הערט באלד אויף.

די מיידלעך.

וואָס איז דאָס? קריעגען זיך מיט די מוזיקאנטען. פּנחס קומט אריין, די מיידלעך רינגלען איהם ארום. אָט איז אַ חתן, וועט ער די כלי־זמרים בעצאָהלען. זיי רינגלען ארום פּנחס'ען און טאנצען.

חתן, חתן, כלי־זמר געלד
פאַר די כלה אַ רענדעל,
פאַר דער שוועסטער צוויי,
וועלען מיר טאַנצען אַלערביי.

פּנחס וואַרפט זיי אין טעצעל קליין־געלד. די כלי־זמרים שפּיעלען, מיידלעך טאנצען.

פּנחס.

מיט לאה'לען אָן אַ זייט.

ווי געפעלט דיר מיין זיידענער ראָק?

לאה'לע.

דו זעהסט דאָך אויס ווי אַ בית־מדרש בחור ווי אַ לערן קינד.

פּנחס.

און דו ביזט היינט אַזוי שעה,.

לאה׳לע.

פערשעמט.

פאַר דיר האָב איך זיך אַזוי אויסגעצירט.

פּנחס.

ווען וועלען מיר שוין די זכיה האָבען אונזער חופּה צו שטעלען? די כּלי-זמרים וועלען שפּיעלען אַ גאַנצע אַכט.

ביין, אָבּדינגען וועל איך זיי אויף אַ גאַנצע וואָך.

לאה׳לע.

שוין ניט אַזוי ווייט.

פּנחס.

פרעהסט דיך דערויף? וואָלט געוואָלט עס זאָל שוין זיין?

לאה׳לע

פערשעמט.

זיי נישט אַזוי טשיקאַווע. דו מוזט ניט אַלעס וויסען אויפ׳ן אָרט. געהט אריין צווישען די מיידלעך. עס קומט אריין לייזער, דער קליינער מחותּן. הינטער זיי די שדחנים.

דער קליינער מחותּן.

נישט פריהער דעם חתן ריהרען, ביז איהר וועט נישט די גאַנצע תּנאים ממלא זיין.

לייזער.

היינט וועט איהר גאָר נישט מאַכען מיט מיר; אַלעס, אַלעס וועל איך נאָכגעבען, וואָס איהר וועט נור פערלאַנגען.

דער קליינער מחותּן.

און פינף יאָהר קעסט?

לייזער.

אפילו זעקס. זאָל ער נור זיצען און לערנען אזוי לאַנג ווי ער וועט וועלען.

דער קליינער מחותּן

און אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ קייט?

לייזער.

איז שוין אָנגעגרייט. נעהמט ארויס דעם זייגער און גיט איהם.

ד ע ר ק ל י י נ ע ר מ ח ו ת ן.

און אַ שאַפּען=פּעלץ מיט אַ זיידענעם שלאַפראָק?

ל י י ז ע ר.

איז אויך שוין דאָ.

ד ע ר ק ל י י נ ע ר מ ח ו ת ן.

און טאַטע=מאַמע מתּנות?

ל י י ז ע ר.

מתּנות!

ד ע ר ק ל י י נ ע ר מ ח ו ת ן.

טאָ לאָמען דעם חתן צום בעדעקענס פיהרען.

ל י י ז ע ר.

היינט וועט איהר גאַרנישט מיט מיר מאַכען. דער יונגערמאַן איז מיינער. דאָס העמד וועל איך אויסטהון פאַר אים. איך האָב איהם ליעב געקריגען ווי אַ זוהן. כאָטש איך בין אַ פערד=הענדלער, דאָך די תּורה ווייס איך ווי צו שעצען.

ערשטער שדכן.

ער איז עס ווערטה.

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן.

נאָך ווי ווערטה!

ע ר ש ט ע ר ש ד כ ן

גאָט וועט עס אייך ממלא זיין.

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן.

אודאי וועט עס איהם גאָט ממלא זיין.

ע ר ש ט ע ר ש ד כ ן

קוקט איהם אָן.

דו ווייסט, הע?

צ ו ו י י ט ע ר ש ד כ ן.

אודאי.

ד ע ר ק ל י י נ ע ר מ ח ו ת ן

צו לייזער'ן

נו, קומט, מחותּן, באָכ'ן חתן. עס ווערט שפּעט.

ל י י ז ע ר.

קומט באָכ'ן חתן געהען ארויס.

**דער ערשטער שדכן**

נאָך זיי.

קומט נאָכ'ן חתן!

**צווייטער שדכן.**

נאָכ'ן חתן קומט!

**איין מחותן**

פון א גרופע מחותנים

זעה ווי לייזער קל וחומר האָט זיך אָנגעטהון אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע.

**א צווייטער.**

עס פּאַסט איהם ווי אַ הונד אַ שטריימעל.

**אַ דריטער.**

וואַרט, ער וועט באַלד רב אין שטאָדט ווערען.

**אַ פיערטער.**

אויף אַזאַ שוואַרץ יאָהר האָב איך זיך נישט געריכט.

מען פיהרט אריין דעם חתן, וועלכער האלט א זיידען טוך אין האנד. נאָך איהם די נאָהענטע מחותנים, דער רב, ר' שלמה פּיאַנטקער, דער חתן געהט צו צו דער כלה און בעדעקט איהר מיט'ן טוך, די כלי־זמר שפּיעלען דאָס שטיק צום בעדעקענס, דער בדחן בעזינגט זי, די ווייבער ארום וויינען, די כלה האלט זיך די אויגען.— אין מיטען טרויעריגען ניגון פון בעדעקענס, פאלט פלוצים אריין צום בעגלייט אנטעק'ס פּוילישער ניגון... די כלה ציטערט אויף... א בעוועגונג, א רודער צווישען עולם. דער בדחן האקט אפּ, קוקט זיך ארום.

**אַ יודעל.**

פרעמדע מוזיקאַנטען!

**לייזער.**

עס זיינען די פּויערים אין דרויסען. לאָז זיי צו־רוה. בדחן, ווייטער!

**אַנדערע.**

לאָזט זיי לויפען, לאָזט זיי לויפען! בדחן, ווייטער!

בדחן.

טאַטע־מאַמע לאָזען די כלה בענשען!

לייזער

בעהם צו צו דער טאָכטער, לייגט ארויף זיינע הענד אויף איהר קאָפּ.

טאָכטער, איך האָב דאָך דיך ליעב. װיינט אויף איהר קאָפּ.

פויערן־מוזיק.

לייזער

שרייט אויס.

פּנחס, געה אַרויס, פּעריאָג זיי פון הויף.

אנדערע.

לאָזט זיי צו־רוה, לאָזט זיי צו־רוה!

חנה

װיינט.

טאָכטער קרוין, איך װייס דאָך יאָ דיין האַרץ. פויערן־מוזיק.

לייזער

שרייט.

פּנחס, געה אַרויס; זעה, װער עס איז דאָרט.

פּנחס

קומט אריין.

עס איז גישט אין דרויסען; זיי מוזען דאָ זיין.

אנדערע.

לאָזט זיי לויפען, לאָזט זיי געמאַך!

בדחן.

די כלה צו דער חופּה פיהרען!

די מוזיק פאַלט אריין אין דער מוזיק פון דער חופּה. די מיידלעך שטעלען זיך אויס אין רייען, צינדען אָן די ליכטלעך, האַלטען קרענץ בלומען. מען פיהרט ארויס די כלה צו דער חופּה. אַלע געהען נאָך מיט טאַנץ און מוזיק־שפּיעל. אנטקעגען לויפט אַדורך די ביהנע און בעהאַלט זיך אין א זייטען־שטיבעל. עס דער־הערט זיך פון דרויסען: מזל־טוב! די מוזיק שפּיעלט א פרעהליכס, די מיידלעך לויפען פאַראויס מיט די ליכטלעך און װארפען בלומען. מען פיהרט אריין התן־כלה. די מחותּנת'טעס טאַנצען הינטער זיי, דער בדחן לויפט פאַראויס, פּיהרט זיי אין יחיד־שטיבעל. מען פיהרט חתן־כלה אין דעם קליינעם, אַבגעזונדערטען

שטיבעל אין עק ביהנע, אין וועלכען אנטעק איז פערשוואונדען. די מחותנים צוקושען זיך, די מוזיק שפיעלט.

**לייזער**

צום קליינעם מחותן.

**יעצט הער איך אייך ווי דעם קאָטער! יעצט וועט איהר מיר איהם שוין נישט אוועקנעהמען. אזאשע! אזאשע! דער יונגערמאַן איז מיין.**

**דער קליינער מחותן**

הינטער איהם.

**וואָס אייער איז אייער...**

**לייזער.**

**נו, אויב אַזוי, טו לאָז מען זיך צוקושען.** צוקושען זיך. **מיין ווייב, וואו ביזטו, מיין ווייב? חנה, צו וואָס גאָט האָט אונז זוכה געווען!**

**חנה**

וויינט, צוקושט זיך מיט'ן מאַן.

**און איך האָב דיר שטענדיג געזאָגט, אַז זי איז אַ כשר יודיש קינד, אַז מיר וועלען פון איהר נחת דערלעבען, לייזער.**

**לייזער.**

**די קעפ וועל איך שפּאַלטען, ווען זיי וועלען רעדען אויף איהר אַ שלעכט וואָרט!** די בעלי־עגלות געהען צו צו'ן איהם, ווינשען איהם מזל־טוב. ער דרעהט זיך אוועק פון זיי און ווענדט זיך צו ר' שלמה'ן, וועלכער שטעהט אָן אַ זייט. **שלמה, ווען מיר וועלען די זכיה האָבען אונזערע קינדער אויסצוגעבען...** ער וויל זיך צוקושען מיט איהם. ר' שלמה האלט איהם צוריק מיט אַ בליק. לייזער ווערט פערשעמט, דרעהט זיך אָב, זוכט ערגעץ וואו מיט די בליקען. דערווייל שטעהען די בעלי־עגלות אין אַ ווינקעל און רעדען צווישען זיך.

**דודי'ל.**

**אסתר'קע, מזל טוב דיר. גאָט זאָל אונז מזכה זיין, אַז מיר זאָלען ביידע גליקליך זיין.**

**אסתר'יל**

שווייגט.

דוד

שמייכעלט צו איהר.

וואָס שווייגסט דו, אסתר׳ל? יעצט האָסט דו דיך שוין נישט צו שעמען פאַר מיר; מיר זיינען שוין מאַן און ווייב.

אסתר׳ל

שווייגט, בויגט אראָב דעם קאָפּ.

דוד׳ל

גיסט איהר אָן אַ גלעזעל בראנדוויין און גיט איהר אין האנד אריין.

נאַ טרינק, ווינש מיר מזל טוב!

אסתר׳ל

שווייגט, נעהמט נישט דאָס כּוס.

דוד׳ל

בעטריבט.

פאַר וואָס ווילסט דו נישט נעהמען? פון מיין האַנד מעגסט דו שוין נעהמען; מיר זיינען שוין מאַן און ווייב. גאָט האָט דאָך אונז צוזאַמענגעפיהרט. דו וועסט זעהן, אסתר׳ל, איך׳ל דיר זיין אַ געטרייער מאַן. דו ביזט דאָך אַ צנועה... טרינק צו מיר מזל־טוב! צו מיר מעגסט דו, כאָטש האָסט מיך נישט געזעהן ביז איצט. מיר זיינען שוין מאַן און ווייב; ביזט צו מיר מקודש כּדת משה וישראל. ער גיט איהר דאָס גלאָז אין האנד אריין. זאָג צו מיר מזל טוב! שעהם דיך נישט; איך וויל הערען דיין קול.

אסתר׳קע

נעהמט דאָס כּוס, וויל זאָגען מזל־טוב. דערזעהט פּלוצלונג אנטעק׳ס שיין אין פענסטער, זי ווערט בלייך, שטעלט אוועק דאָס גלאָז.

דוד׳ל

ערשראָקען.

פאַר וואָס ביזטו בלייך געוואָרען? דערשרעק דיך נישט. דו ביזט דאָך מיין כּשר׳ע צנועה׳דיגע כּלה. טרינק צו מיר מזל־טוב! ער גיט איהר דאָס גלעזעל אין האנד אריין. מזל־טוב דיר, מיין ווייב!

אסתר׳קע

נעהמט דאָס גלאָז אין האנד אריין און זאָגט אין דער שטיל.

מזל טוב!

עס דערהערט זיך אנטעק׳ס פידעל... זי שטעלט אוועק דאָס גלעזעל.

דוד׳ל

מיט שרעק.

וואָס איז דיר, מיין ווייב? קוקט איהר אָן מיט ציטערען און שרעק אין די אויגען אריין.

אסתר׳קע.

גאָר ניט, דוד׳ל.

דוד׳ל.

אַזוי, אסתר׳ל, זאָג נאָך אַמאָל דוד׳ל! איך האָב עס אַזוי ליעב צו הערען מיט דיין קול. טרינקט צו איהר.

לייזער

פאלט אריין צווישען די ווייבער.

וואָס שטעהט איהר, ווייבער? לעקעך נעהמט, צוטהיילט! בראָנפען גיסט אָן! ער געהט צו צו די בעלי־עגלות. בעריל, לייבעל, וואָס שווייגט איהר?! עס איז דאָך עפּעס ביי מיר אַ חתונה היינט!

די בעלי־עגלות.

מיר האָבען נישט ליעב צו פרעהען זיך אויפ׳ן טרוקענעם, אַז די ווייבער שטעהען און רעדען.

לייזער.

בראָנפען גיט אַהער! איך וויל מיט מיינע חברים טרינקען! ער גיסט זיי אָן בראָנפען און זיך. בעריל, אַז גאָט האָט אונז געהאָלפען און אַז אַ נאַש־בראָט קען אַזאַ איידעם נעהמען, — לאָמיר טרינקען, חברים! מוזיק אויף מיין חשבון שפּיעלט אַ גאַנצע נאַכט! ער נעהמט ארויס געלד און צוטהיילט די כלי־זמרים.

אַ בעל עגלה.

דו זעהסט: לייזער איז דאָך אַ גוטער יונג, כאָטש ער רייבט זיך צווישען די גדולים. ער איז אַ גוטער יונג. גאָט האָט אונז געהאָלפען און אונזערס אַ ברודער קען נעהמען אַזאַ

איידעם, דעם בעסטען קאָפּ פון דער ישיבה—איז אַ גרויסע שמחה! לאָמיר טרינקען, חברים. לחיים! אַלע טרינקען.

ל י י ז ע ר.

עס איז נישט אמת, אַז לייזער שעמט זיך מיט אַ נאַש־בראַט. מיין זוהן האָט מיך אין אַ זיידען מלבוש אָנגעטהון; איך וויס עס איז נישט פאַר מיר, מיר אַלע זיינען פּראָסטע יודען. אין דער חברה דאַוונען מיר און אַז מיר הערען דעם דיין אַ שטיקעל מדרש זאָגען, צוגעהט אונז דאָס האַרץ: אונזער משה רבינו, אונזער יעקב אָבינו און אונזער דוד המלך! און גאָט האָט אונז געהאָלפען, אונז אַלע,— עס איז אונזער אַלעמענס איידעם, עס איז אונזער אַלעמענס חתונה!

אַ ל ע.

יאָ, עס איז אַלעמענס איידעם. אונזערער אַ מענש, פון אונזער חברה נעהמט דעם בעסטען קאָפּ—לאָמיר טרינקען, עס איז אונזער חתונה!

ל י י ז ע ר

צו די מוזיקאַנטען.

שפּיעלט, מוזיקאַנטען, אַ שטיק פאַר לייזער'ען! חזן, מאַכט מיר אַ מי שברך, אַז גאָט האָט מיר געהאָלפען און איך קען זיין ווילען טהון. זאָל די גאַנצע וועלט וויסען, אַז גאָט האָט לייזער'ען געהאָלפען! איז אין גרויס שמחה.

פּ נ ח ס

לויפט צו

טאַטע וואָס טהוט זיך מיט דיר? דער מחותן ר' שלמה שטעהט אַליין. ער איז ברוגז. אַלע אָרנטליכע געסט.

ל י י ז ע ר.

זאָל ער שטעהן! איך האָב זיך געוואָלט פרעהען מיט איהם, האָט ער מיך אָבגעשטופּט. האָסט אַ מענש פערשעמט, — האָסט גאָט פערשעמט. דאָס זיינען מיינע מחותנים! ער חייזט אויף די בעלי־עגלות. עס איז אונזער חתונה היינט!

בדחן זינגט אַ ליעד. פּנחס געהט אָב צום מחותן, לייזער טרינקט מיט די מחותנים עס ווייזען זיך די פּויערים פון דאָרף, קומעס, יונגען, שיקסעס. פון דרויסען

הערט זיך פויערן-מוזיק. צוויי פויערן-מוזיקאנטען קומען אין שטוב אריין אלע מישען זיך אויס אין איינעם.

**לייזער.**

אָ, מיינע שכנים זיינען געקומען אויף מיין חתונה! אָנגע-לעגטע געסט! איהר זיינט זיך געקומען מיט לייזער'ען פרע-הען? קומאַ וואויטעק! קומאַ סטעפאַן! אָנגעלעגטע געסט! איך דאַנק אייך, שכנים! ביי אייערע קינדער אָבדיענען, ווי גאָט האָט געהייסען! ער נעהמט בראַנפען פון טיש און טהיילט זיי.

לחיים, שכנים! כלי-זמרים, פאַר מיינע שכנים אַ שטיק!

**די קומעס**

מיר זיינען געקומען מיט אונזערע אייגענע. זיי ווייזען אויף זייערע כלי-זמר. צו פרייהען זיך מיט דיר, לייזער, אויף דיין חתונה.

**לייזער.**

איך דאַנק אייך, שכנים! איך דאַנק! ער בוקט זיך פאַר זיי אויפ'ן פויערן-אַרט ביז צו דר'ערד.

**די קומעס.**

מיר וואָלטען די כלה געוואָלט זעהן, לייזער. איהר מזל-טוב ווינשען און טשעפּעק-געלד געבען.

**לייזער**

רופט.

די כלה, די כלה ברענגט! די שכנים ווילען איהר ווינשען!

מען פיהרט אריין חתן-כלה. דער חתן זעצט זיך צום טיש מיט די מחותנים. ר' שלמה און פנחס אויבען-אָן. לייזער פיהרט צו די כלה צו די שכנים, וועלכע ווינשען איהר.

**פנחס**

לויפט ווידער צו.

טאַטע, וואָס טהוסט דו? לאָזט דעם מחותן ביים טיש און אַליין ביזטו צו די פויערים געגאַנגען!

**לייזער.**

פנחס, עס זיינען שכנים. מיר זיצען מיט זיי אַזוי לאַנג שטוב ביי שטוב. פנחס, מיר עסען פון זיי דאָס שטיקעל ברויט. עס זיינען שכנים, וואָס זיינען געקומען אויף אונזער

חתונה צו געהן! פנחס געהט צוריק צום טיש. כלי־זמרים, שפּיעלט
די מחותּנים ווילען מיט דער כּלה טאַנצען! די מוזיק ווערט
אויסגעמישט, יודישע און פּויערשע. די חתונה ווערט אויסגע־
מישט: יודען טאַנצען, פּויערן טאַנצען — זי גיסט זיך פון דער שטוב
אין די אָפענע טהירען ארויס, מען דערהערט שוין פון דרויסען טאַנצען.

ל י י ז ע ר.

צום ערשטען בין איך מכבּד מיין חבר ברוך, מיט דער כּלה
אַ טאַנץ! אלע מאַכען אַ ראַד.

ב ר ו ך

פערשעמט.

עס זיינען דאָ בּילכערע פּאַר מיר.

ל י י ז ע ר.

שאַדט ניט. איך הייס. דו בּיזט דער עלטסטער פישער, דער
גרעסטער מחותּן ביי מיר היינט. ברוך טאַנצט מיט דער כּלה.
אַלע זאָלען טאַנצען מיט דער כּלה, אַלע זיינען בּיי מיר
מחותּנים היינט! כּלי־זמרים שפּיעלט! אַלע זאָלען טאַנצען,
אַלע מחותּנים, מיינע שכנים די קומעס! אלע טאַנצען.

פ נ ח ס

קומט צולויפען.

טאַטע, קום צום טיש. דער חתן געהט זאָגען אַ דרוש.

ל י י ז ע ר

אויסרופענדיג מיט פרייד.

דער חתן געהט זאָגען אַ דרוש? עס איז מיין חתן, עס איז
מיין דרוש! קומט, חברים! לאָמיר הערען דעם חתן! — עס
איז אונזער אַלעמענס חתן! פיעל געהען מיט נאָך לייזער'ען צום
טיש. לאָמיר הערען אונזער חתן'ס דרוש! עס איז אונזער
חתן, אונזער דרוש! געהען אָב, שטעלען זיך ארום און האָרכען
זיך איין וואָס דער חתן זאָגט.

די מוזיק שפּיעלט אין אַן עק שטוב. די כּלה טאַנצט מיט די געסט, געהט איבּער
פון האַנד צו האַנד. דאָ טאַנצט מיט איהר אַ יוד, דאָ אַ פּויער. און די מוזיק
איז אויסגעמישט, אַ פּויערשע, אַ יודישע; טהייל טאַנצען מיט איהר אַ יודישען טאַנץ,
טהייל אַ פּויערשע האָפּקע. עס ערשיינט פּלוצלונג צווישען די געסט אַנטעק, אָנ־
געטהון ווי אַ יוד, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, נעהמט אויך די כּלה בּיי דער האַנד,

הייבט אָן מיט איהר טאַנצען אַ יודישען טאַנץ. די פֿויערשע מוזיק ווערט שטאַרקער, שפּיעלט אַ פֿויערשע מאַזורקע. אַנטעק לאָזט זיך מיט איהר איבער דער שטוב, און וואָס ווייטער אַלץ אין אַ ברייטערען קרייז, ביז ער לאָזט זיך ארויס מיט איהר דורך דער אָפֿענער טיהר, ווערט פֿערשוואונדען. אַ לאַנגע פּויזע. דער עולם בעמערקט עס נישט; דער עולם איז פֿערטאַנצט, אַ סך ביים חתן, וועלכער זאָגט אַ דרוש.

ל י י ז ע ר

שרייט העכער פֿון אַלע, צוואַויינט זיך.

גאָט האָט מיך מזכה געווען, אַז איך זאָל אַזאַ חתן קריגען! זעהט מיין אוצר, זעהט מיין גליק! פֿאַר וואָס קומט מיר דאָס, גאָט? חנה! וואו איז מיין ווייב? וואו איז מיין ווייב?

פּ נ ח ס.

לאָז זי צורוה, זי איז פֿערשטעקט מיט די מחותנת׳טעס אין קיך.

די בעלי עגלות און פּישערס.

די כלה צום טיש!

א ל ע

רופֿען.

וואו איז די כלה! מען זוכט די כלה.

— ווער האָט געטאַנצט מיט דער כלה?

— עפּעס אַ פֿרעמדער מחותן האָט געטאַנצט מיט דער כלה.

— מען זעהט איהם נישט.

— וואו איז די כלה? אַלע קוקען זיך ארום דערשראָקען, לויפֿען ארויס דורך דער טהיר.

ל י י ז ע ר

שפּרינגט ארויס פֿון טיש.

וואָס זאָגען זיי? פּנחס, חנה — וואו איז די כלה?

ש ט י מ ע ן.

— די כלה איז פֿערשוואונדען; די כלה איז ניטאָ.

— מיט אַ פֿרעמדען מחותן האָט זי געטאַנצט; איך קען נישט דעם מחותן.

— עס איז דער פֿרעמדער מוזיקאַנט.

— די כלה זוכט, לויפט!

לויפען אלע ארויס, קומען אריין.

פּנחס

שרייט

טאַטע, אַנטעקס פערד זיינען נישט אין דער היים.

חנה

פאַלט אריין.

אַ בראָך איז מיר! פוהרען האָט מען געהערט פאָהרען פאַרביי.

ברוך.

לייזער, האָסט פערד אין דער היים?

לייבעל

צו לייזער׳ען.

וואָס שטעהסט דו? אויפן בולאַן ארויף! קומט, יונגען מיר וועלען נאָך דער פוהר זיך לאָזען!

— זיי זענען געפאָהרען רעכטס.

— ניין, לינקס, אין דער שטאָדט אַריין.

— דער יונג דערצעהלט, רעכטס צום דאָרף־צו.

— לייזער, וואָס שטעהסט דו? די פערד כאַפּ און קום!

ר׳ שלמה פּיאָנטקער

רופט הויך.

לאה׳לע, לאה׳לע! די טאָכטער געהט צו אַ דערשראָקענע. ער נעהמט זי אָן ביי דער האנד. קום, מיין קינד, מיר האָבען נישט מעהר דאָ וואָס צו טהון. ער געהט ארויס מיט דער טאָכטער. אלע קוקען זיי נאָך. פּנחס ווערט בלייך, וויל צולויפען. ר׳ שלמה קוקט איהם אָן און געהט ארויס.

דער קליינער מחותּן

נעהמט דעם חתן ביי דער האנד, רופט הויך.

חתן, קום!

דער חתן בלייבט שטעהן, קוקט מיט רחמנות אויף לייזער׳ען.

דער קליינער מחותּן.

וואָס שטעהסט דו? זי איז נישט מעהר דיין ווייב!

ד ו ד ' ל

קוקט אויף לייזער'ען.

טאַטע!

ל י י ז ע ר

שטרעקט אויס צו איהם די הענד.

מיין חתן פערלאָזט מיך, די קרוין פון מיין קאָפּ.

ח נ ה

פאלט צו צום מאַן.

לייזער!

ד ו ד ' ל.

טאַטע, איך וועל נישט פערלאָזען דעם שווער... מיין גורל. נאָך חופה וקדושן.

ד ע ר ק ל י י נ ע ר מ ח ו ת ן

כאפט דעם חתן.

די מינוט קום! עס איז זייער מזל, זייער זכות! מיר זיינען ריין דערפון! געהט ארויס מיט'ן חתן.

נאָך זיי גנב'ענען זיך ארויס די געסט, ביז לייזער, חנה און פנחס בלייבען אליין...

ח נ ה.

פאַר וואָס, גאָטעניו, פאַר וואָס?!

ל י י ז ע ר

מאַכט מיט די הענד.

(פ א ר ה א נ ג

# דריטער אַקט.

אין אַ יאָהר אַרום

פאַרנאַכט. ביי לייזער'ען איז טונקעל, אין דרויסען הייבט זיך אויף אַ געוויטער. לייזער און חנה דרעהען זיך אַ לאַנגע ווײַלע אין שטוב אום, אויפגערעגט. חנה געהט יעדעס מאָל צו צום פענסטער, קוקט. צום סוף וויל זי צוגעהן צו דער טהיר און אַרויס.

ל י י ז ע ר

פערהאלט איהר דעם חעג.

וואוהין ווילסטו?

ח נ ה.

איך וויל נור ארויסגעהן זעהן אויב די היהנער זיצען שוין אויף די לייטער; עס נעהמט זיך אויף רעגען.

ל י י ז ע ר

קוקט זי אן מיט פערדאכט, לאזט זי ארויס, דרעהט זיך אליין איבער דער שטוב ארום און רעדט צו זיך.

טאטע אין הימעל, גרויסער גאט, לאז מיך נישט דערלעבען די שאנד! איך וועל זיך בעגראבען פאר חרפה. חנה קומט אריין. דאס ווייב קוקט איהם אן. לייזער אויפגערעגט. וואס קוקסטו דו מיך אן? וואס געהסט דו ארום און ווארטשעסט ווי א הוהן, וואס וויל דאס איי אבלעגען! וואס איז אויף דיר די שמחה! וואס קריכסט דו ארום?

ח נ ה.

לייזער. אזא געשטעה איז אין דרויסען פאר איהר פענסטער!

ל י י ז ע ר

שרייט.

וואס גייט עס דיך אן? לאזען זיי שטעהן אויף איהר ביין וואונדער! ער געהט גאנץ נאהענט צו צו איהר. דו ווייסט נישט, אז זי איז געשטארבען? איך פרעג דיך; דו ווייסט, אז פאר א יאהרען ביי דער חתונה, אונטער דער חופה, איז אונזער* טאכטער געשטארבען? איך פרעג דיך, אויב דו ווייסט?

ח נ ה.

איך ווייס עס. אודאי ווייס איך מיין אונגליק. וואס דער־מאנסט דו מיר נאך?!

ל י י ז ע ר.

און וואָס אַרט עס דיך, וואָס דאָרט איז? וואָס קוקסט דו דאָרט אַהין? וואָס זוכסט דו דאָרט?

ח נ ה

ווּיל זיך פעבּענטפערען.

וואָס שרייסטו אויף מיר? איך האָב געזעהן, אַז די גויעס שטעהען דאָרט פאַר׳ן פענסטער, האָב איך דיר געזאָגט.

ל י י ז ע ר.

וואָס אַרט עס דיך, וואָס דאָרט איז? דאָרט פרעהט מען זיך, דאָרט וויינט מען—מיר ווייסען נישט, מיר זעהען און הע־רען נישט; פאַר אונז איז דעריבער אַ מדבר, אַ וויסט פעלד, קיין מענטש וואוינט נישט דאָרט. איך פרעג דיך, איז עס נישט אַזוי?

ח נ ה.

אודאי, אודאי איז זי פאַר אונז טויט. וויינט אין דער שטיל.

ל י י ז ע ר.

בו שוין, בו שוין, וואָס האָסטו ווידער צו קוקען וואָס דע־ריבער איז אַן אָנגעלויף. דרעהט זיך איבער דער שטוב ארויף און אראָב. איך ווייס נור נישט, פאַר וואָס מען זעהט נישט פנחס׳ען. עס ווערט שפעט, עס קלייבט זיך אויף אַ רעגען איך האָב מורא, ער זאָל איהם נישט כאַפּען אויפ׳ן וועג.

ח נ ה.

צו וואָס איז פנחס נאָך זשאַרלין געפאָהרען?

ל י י ז ע ר.

וועסט עס שפעטער געוואָהר ווערען. אָקסען קויפען, פערד! וואָס געהט עס דיך אָן? איך וויל נור אַרויס זעהן אויפ׳ן וועג, אויב ער פאָהרט נישט. געהט ארויס.

ח נ ה

בלייבט אליין, ווערט אונרוהיג, קוקט זיך ארום אין שטוב, עפענט אויף דאָס פענסטער, קוקט ארויס. עס לויפט דורך די שכנ׳טע יאַדוויגע.

שכנ׳טע יאַדוויגע! יאַדוויגע!

י אַ ד ו ו י ג ע.

גוטען אָוועגד! האָסט מיך גערופען?

חנה.

יאָ, מען איז אַליין אין שטוב, עס ווערט טונקעל, מרה שחורה אויפ׳ן האַרצען, וויל מען זיך מיט אַ מענשען אַדורכ־רעדען; איין בהמה רעדט זיך אויך אַדורך מיט דער צווייטער.

יאַדוויגע.

דאָס איז וואהר. אַ ווייב בלייבט שטענדיג אַליין צווישען מאַנספערשוינען, מעג עס אפילו זיין אַן אייגענער מאַן אָדער אַ זוהן; ס׳איז גאָר נישט אַזוי נאָהענט דער מוטער׳ס האַרץ ווי צו דער טאָכטער.

חנה.

אַך, שכנ׳טע, לאָמיר נישט רעדען דערפון. וועט ווידער רעגען זיין? אַ רעגענדיגען זומער וועלען מיר האָבען.

יאַדוויגע.

אָ, יאָ, אַסך תבואות אויפ׳ן פעלד פערפוילט ווערען.

חנה

קוקט זיך ארום, אויב קיינער הערט נישט. זאגט אין דער שטיל.

ווייסט איהר נישט, שכנ׳טע, וואָס איז דעריבער אַזאַ איינ־געלויף?

יאַדוויגע

שמייכעלט צו איהר.

דו ווייסט עס שוין גאַנץ גוט. אוי, ווייסט דו עס!

חנה

קוקט זיך ארום.

איך ווייס נישט.

יאַדוויגע.

קען נישט זיין. זאָגט דיר דיין מוטער־האַרץ גאָר נישט אָן?

חנה.

שכנ׳טע יאַדוויגע!

אַן אַנדער שכנה

לויפט אדורך, שרייט אין פענסטער.

שטעהט זי דאָ, די מוטער, די זשידאָווקע, און רעדט! און דעריבער געהט די טאָכטער צו קינד! וואָס געהסט דו נישט אַריבער צו דער טאָכטער?

**יאדוויגע**

נעהמט זיך אָן פאר איהר.

וואָס געהט עס דיך אָן?!

**אצווייטע שכנה.**

ערגער ווי אַציגיינער איז דאָס! אַטאָכטער געהט צו קינד, און זי שמועסט דאָ! די שויבען וועלען מיר דיר אויסהאַקען! קומט אַהער, די שויבען האַקט איהר אויס! צו דער טאָכטער זאָל זי אַריבערגעהן, אַז אַטאָכטער געהט צו קינד!

חנה פערהאַקט דאָס פענסטער. פון הינטער'ן פענסטער הערט זיך נאָך אַ געררודעל מיט אַ דראָהונג.

**חנה.**

ווערט בלייך.

טאַטע, צו דעם האָב איך זיך דערלעבט. ברעכט אויס אין טרעהרען. זעצט זיך אין אַווינקעל. מיינט. פויזע.

**לייזער**

קומט אריין.

אָט פאָהרט ער שוין, פנחס. ער האַקט פון טראַקט ווי די טייוואָלים וואָלטען איהם געיאָגט. חנה קרעכצט אין ווינקעל. ווישט זיך די אויגען. פויזע. וואָס וואָרטשעסט דו דאָרט אין ווינקעל. וואָס איז דיר היינט?

**חנה**

האלב ווי פאר זיך.

אַפילו אַבהמה אַז זי געהט געבוירען אַקאַלב איז דאָ ווער עס נעהמט זיך אָן פאַר איהר, און דאָ אַקינד אין פרעמדע הענד! טאַטע אין הימעל!

**לייזער.**

וואָס האָסטו געזאָגט, וואָס? אַקוה, אַבהמה?! זי איז דען אַקוה? אַז אונזער בהמה קעלבט זיך, קען איך נישט שלאָפען אַגאַנצע נאַכט, ליג איך אין שטאַל; און אַז איך זעה די יסורים וואָס זי האָט, וואַרפט עס מיך אין קדחת; איך וואָלט פאַר איהר די יסורים געטראָגען אַזוי קען איך נישט קוקען דערויף. און זי איז געגליכען צו אַקוה?! דו ווייסט דען

נישט וואָס זי וועט געבוירען? — אַ שונה! אַ פיינד! און אויף צרות. דו וועסט אין קבר קיין רוה נישט האָבען אַזוי לאַנג ווי עס וועט פון דעם אַ שריד אויף דער ערד איבער־בלייבען. דו פערשטעהסט וואָס זי זעבוירט?—דיין אומגליק דיין שאַנד, דיין טויט!

חנה

וויינט.

אָבער דאָס קינד טהוט דאָך וועה...

פנחס

אין אַ נאַסער בורקע, קומט אריין אין שטוב, קוקט זיך ארום און זעהט די מוטער וויינען.

וואָס איז דאָס? וואָס איז געשעהן?

לייזער.

זי וויינט אויף איהר טאָכטער׳ס קאָפּ.

פנחס.

האָט זי וואָס צו וויינען! נור, מאַמע, וועסט ניט לאַנג דאַרפען וויינען; וועסט באַלד זעהן, וועסט באַלד זעהן איהר סוף.

לייזער.

אונגעדולדיג

נו, וואָס האָט דער רבי געזאָגט?

פנחס.

וואָס איילסטו דיך אַזוי? לאָז מען זיך ביים טיש זעצען. זעצען זיך אַלע ארום טיש. פנחס זאָגט אין אַן ערענסטען טאָן. דער רבי האָט געזאָגט, אַז עס איז אַ בראָך נאָך אונזערע יאָהר, אַז מיר דאַרפען זיך בעגראָבען לעבעדיגערהייט; אַזוי לאַנג ווי זי לעבט איז קיין תקומה ניטאָ פאַר אונז — דאָס האָט דער רבי געזאָגט.

לייזער.

און דאָס איז אַלעס? איז גאָר קיין רפואה נישטאָ פאַר אונזער מכה?

פנחס.

איין רפואה איז יאָ דאָ, אַז דאָס וועט העלפען, און אַז זי

וועט עס ניט איבערטראָגען, אַז מיר וועלען זכות אָבות האָ־
בען, דענסטמאָל זיינען מיר גערעטעט.

לייזער און חנה

ערנסט.

וואָס איז דאָס?

פנחס

נעהמט ארויס א ציגעל פון א פעקעל.

אָט זעהט דעם ציגעל. אויף דעם ציגעל שטעהט אויפגע־
שריבען איהר נאָמען. דעם ציגעל זאָל מען ברענגען אויף
אַ גוטען אידען׳ס קבר אָדער אין אַ ספרים־שראַנק איהם
אַריינלעגען, אָדער אַ יאָהרצייט־ליכט אויף איהם אָנצינדען.
אַזוי לאַנג ווי דאָס ליכט וועט ברענען, אַזוי לאַנג וועט
איהר האַרץ ברענען; עס וועט ציהען צוריק צו יודישקייט,
זי וועט קיין רוה נישט האָבען, ביז זי וועט נישט מוזען
צוריקקעהרען צו איהר פאָלק.

חנה.

וועט עס איהר גור קיין שלעכטס ניט טהון?

פנחס.

וואָס האָסט דו מורא?! עס וועט איהר גאָר נישט זיין, דער
טאָכטער דיינער!

לייזער.

און אונז שלעכטס טהון האָט זי געמעגט? טהוט דיר דאָס
גאָר נישט וועה, וואָס דו זיצסט ווי אַ קרעציגער אין שטוב
און קיין יוד וויל נישט אויף דיין שוועל אַריין, און אַז דו
געהסט אין גאַס איז ווי דער הונד וואָלט געגאַנגען. אַזוי
זעהסט דו, ווי די נקמה לייכט פון אַלע אויגען אַרויס ווי
ליכטעלעך: „נאַ, גאַנץ גוט אויף איהם, אויפ׳ן פערד־סוחר;
אַן איידעם אַ רב האָט ער געוואָלט האָבען!" — טהוט דיר
דאָס גאָר נישט וועה!

חנה

ווישט זיך די אויגען.

אודאי איז עס אַזוי; אודאי איז עס אַזוי. — וואָס זי האָט
אונז אָנגעטהון!

ל י י ז ע ר.

יעצט פערשטעהסט דו שוין?! צו פנחס׳ען. נו, און וואָס האָסטו געטהון? האָסט שוין דעם ציגעל אַוועקגעלעגט?

פ נ ח ס.

די מאַמע מוז איהם אַליין אַוועקלעגען, מיט איהרע אייגע־נע הענד דאָס ליכט אָנצינדען. איך האָב מיטגעבראַכט אַ יאָהרצייט ליכט.

ח נ ה

מיט טרעהרען.

זי געהט צו קינד...

ל י י ז ע ר.

וואָס האָט זי געזאָגט? פון וואַנען ווייסט דו עס!

פ נ ח ס.

איך האָב עס שוין אין דאָרף געהערט; שקצים זיינען מיר נאָך די פוהרען נאָכגעלאָפען, נאָכגעשריען און מיט שטיי־נער געוואָרפען.

ל י י ז ע ר.

וואָס, דיר אויך?! איך ווייס נישט וואָס די מעשה איז; צייט זי האָט זיך גע׳שמד׳ט, איז דאָס דאָרף אויף אונז בייז.

פ נ ח ס.

זי וועט נאָך דאָס גאַנצע דאָרף אָנבונטעווען אויף אונז.

ח נ ה.

עס איז נישט אמת, זי בונטעוועט נישט.

ל י י ז ע ר.

פון וואַנען ווייסט דו עס! דו האַלסט נאָך פאַר איהר?

ח נ ה.

איך האַלט נישט פאַר איהר, נאָר קיין ליגען זאָל ער נישט זאָגען

פ נ ח ס.

זי געהט צו קינד. זי קען נאָך אַזוהן האָבען. דעמאָלט זיי־נען מיר אויף שטענדיג פערפאַלען,—האָט דער רבי געזאָגט: יאָ, מאַמע, צינד אָן דאָס ליכט; לאָז עס ציהען איהר הארץ און בענקען נאָך אונז, יעצט, ווען זי געבוירט דעם גוי.

ל י י ז ע ר.

אפשר וועט זי זיך אומקעהרען צו אונז.

ח נ ה

בעהמט דאָס יאָהרצייט-ליכט.

וועט עס איהר נאָר קיין שלעכטס ניט טהון, יעצט, ביים געבורט?

ל י י ז ע ר

שרייט.

חנה צינד אָן דאָס ליכט; עס איז פאַר איהר טובה.

פנחס לעגט אוועק דעם ציגעל. חנה נעהמט דאָס יאָהרצייט-ליכט, צינדט עס אָן, וויינט.

טאָכטער, אזוי ווי איך צינד אָן דאָס ליכט נאָך דיין נשמה, אזוי זאָל גאָט אומקעהרען דיין האַרץ, ווי דו ביזט אנטלאָפען פון אונז... קעהר דיך אום... קעהר דיך אום... וויינט.

פ נ ח ס.

איהר זעהט ווי דאָס ליכט צוקט... אזוי...

ל י י ז ע ר.

דאָס ציהט זי צו אונז; דאָס ציהט זי צו אונז.

פ נ ח ס.

עס איז איהר האַרץ, וואָס ברענט אַצינד.

ח נ ה

אין טרערען

קעהר דיך אום, טאָכטער... קעהר דיך אום...

א לאנגע פויזע. עס קומען אריין פאָטער סטאַך און קומא סטעפאַן. לייזער קוקט זיי אָן פערוואונדערט.

פ אָ ט ע ר ס ט אַ ך.

שכן לייזער, מיר זיינען געקומען צו דיר מיט זעהר א וויכטיגער זאַך. איך בין אַ פּראָסטער מענש און קען נישט רעדען פערשטעלט. פּאַני לייזער, גיב אַהער די האַנד, מאַכען מיר שלום! אונזערע קינדער האָבען שוין חתונה געהאַט; ווערסט נישט איבערמאַכען. אפשר האָב איך אויך נישט געוואָלט דעם שידוך, אזוי ווי דו, נאָר וואָס איז געשעהן איז פערפאַלען; די קינדער האָבען זיך ליעב, לעבען גליקליך ווי

גאָט און מענשען האָבען געהייסען. גאָט האָט זיי געהאָלפען און זי געהט היינט צו קינד. דו ביזט א פאָטער, ווי איך, זיי מוחל שוין, לייזער, זיי מוחל... זיי מוחל...

לייזער.

פאַר א יאָהרען ביזטו געקומען, קומאַ, פון מיר דאָס פערד אָבהאַנדלען. איך האָב עס דיר נישט געוואָלט פערקויפען. היינט, אַז דו האָסט דאָס פערד פון שטאַל אַרויסגע׳גנב׳עט׳ קומסט דו שלום מאַכען. גוט, רעכט, איך בעשטעה. נור וואו איז די קאַבילע, פאַני קומאַ? דאָס פערד פיהר צוערשט אין שטאַל אריין, דערנאָך וועלען מיר ריידען.

פאָטער סטאַך.

איך בין זיך נישט געקומען קריגען מיט דיר, און דו ווערסט מיך נישט דערצערנען; איך רעד צו דיר ווי אַ פריינד, ווי א מחותן, ווארים וואָס דו ווערסט נישט מאַכען — דער זוהן האָט די טאָכטער. פאַני לייזער, דאָס פערד פון שטאַל האָב איך דיר נישט אַרויסגע׳גנב׳עט; זי איז ביים מאַן, און איך בין נישט קיין פערד־גנב. נור איך קום צו דיר ווי אַ טאַטע. דאָס ווייבעל ליעגט אין קימפעט; עס איז ביי איהר אַן ערנסטע צייט און זי רופט נאָך טאַטע־מאַמע. איך האָב רחמנות געקריגען און בין געקומען צו אייך, אפשר ווערט איהר יעצט וויכער ווערען, רחמנות קריגען און מוחל זיין.

חנה.

זי רופט די מאַמע?

פנחס.

האלט זי איין.

מאַמע.

לייזער.

דו האָסט רחמנות אויף מיין טאָכטער, און איך טאָר נישט קיין רחמנות האָבען; איך קען רחמנות האָבען אויף יעדען הונד און אויף יעדער קאַץ, וועלכע געהט זיך קאָטשען, נור נישט אויף מיין קינד. ווען מיין קוה אין שטאַל קעלבט זיך, געה איך אויס פאַר פרייד און צער; נור מיט מיין קינד׳ס פרייד קען איך זיך נישט פרעהען און אויף מיין

קינד'ס צער קען איך נישט קיין רחמנות האָבען. — דאָס האָט איהר מיר דאָס רחמנות פון מיין האַרץ אַזוי אַרויס־געריסען. יעצט פערשטעהט איהר שוין, פאַר וואָס מיר קע־נען ניט זיין קיין פריינד!

פּאָטער סטאַך.

אָבער וואָס איז געשעהן אַזעלכעס? זי האָט געטהאָן אַ פיי־נעם שידוך; בעסער ווי מיט דעם יודען דאָרט. אין מיין זוהן האָסט דו דיך נישט גענאַרט; אַ געזונדער יונג, ערד אַסך, בהמות, שעפּסען, יעדער איינער וואָלט אין דאָרף גליקליך געווען מיין זוהן פאַר זיין טאָכטער צו קריגען. די גוים זיינען אויך אַזוי אויף דיר בייז—האָסט דעם בעסטען חתן פון דאָרף אַוועקגענומען; און דו ווילסט נאָך ניט. אַ שלעכט געשעפט האָסט דו נישט געמאַכט, געלד האָסטו צום עסק נישט צוגעלעגט.

לייזער.

דאָס איז די צרה, וואָס ס'האָט מיך קיין געלד נישט געקאָסט. מען האָט מיר נאָך פאַר מיין קאַבילע צוגעצאָלט ביים טויש; דאָס איז שטענדיג אַ שלעכטער מסחר. און איך וואָלט גע־וואָלט, אַז עס זאָל מיך יאָ קאָסטען; נישט איין שטאַל פערד, איך וואָלט דאָס הויז פערקויפט, אַליין וואָלט איך איבער די הייזער בעטלען געגאַנגען, ווען נישט מיין טאָכטער זאָל זיך שמד'ען, נאָר דיין זוהן זאָל אַ יוד ווערען. דעמאָלט וואָלסט דו געזעהן ווי איך וואָלט זיך געווען געפרעהט מיט דער היינטיגער שמחה!

קומאַסטעפאַן.

יאָ, שכן, געגען אַ וועלט ועסט דו דיך ניט אַוועקשטעלען; מיר זיינען מעהר פאַר אייך. וואָס שטעלסט דו דיך אַזוי פאַר דיינע יודעלעך איין?!

פּאָטער סטאַך.

פּאַני לייזער, איך וויל רעדען מיט דיר אָפען. דו ביזט אַ קלוגער מענש. וואָס טויג אייך דער קריעג. דיינע האָבען דיך שוין סיי ווי סיי פערשטויסען פון זיך; עס שמעקט צו דיר קיין יוד נישט אַריין. וואָס האָסטו פון דעם, אַז דו

ביזט געבליבען אַ יוד? דו געה ליעבער צו אונז איבער. נעהם אָן אונזער גלויבען; ווער מיט אונז גלייך. די טאָכ־טער האָסט דו שוין סיי ווי סיי געגעבען אָן אונזעריגען. וואָס טויג דיר אַוועקצושטעלען זיך געגענאיבער אַ וועלט? און אַליין ביזט דו דאָך אויך אָן אונזעריגער; דו האַלסט מיט די פויערים, און אַז עס איז עפּעס אַ קריעג צווישען זיי, קומען זיי צו דיר זיך אויסגלייכען, אָן עצה פרעגען, געגען דעם שררה אַ ספּראַווע צו פערפיהרען — געהסט שטענדיג מיט אונז האַנד אין האַנד, רעדסט אונזער לשון, וואוינסט מיט אונז טהיר ביי טהיר אַזוי פיעל יאָהרען שוין לאַנג פון דיינע עלטער-עלטערען; מיר האָבען זיך דאָך געקענט, ווען מיר זיינען קינדער געווען, לייזער, אינאיינעם אויפ'ן פעלד געשפּיעלט. — קום אַריבער צו אונז; נעהם אָן אונזער אמונה און ווער מיט אונז גלייך. אַלע וואָלטען מיר געלעבט אין ליעבע און פריעדען, ווי גאָט האָט געהייסען.

חנה.

וואָס זאָגען זיי?! חלילה די לעבעדיגע אמונה!... ליעבער אין די הייזער בעטלען צו געהן!

פּנחס.

טאַטע, איך כאַפּ דעם שפּאָדעל צו זיי! —

קומאַסטעפּאַן

צו פּנחס'ען.

אַ הונד פאַר'ן יאָהר בילט נישט; דו האָסט דיך נישט דאָ אריינצומישען ווען גרויסע רעדען.

לייזער.

שווייגט, קינדער, שווייגט. לייזער האָט שוין אַ סך זאַכען אויסגעהערט אין זיין לעבען.

קומאַסטעפּאַן.

דאָס איז עס טאַקע, פּאַני לייזער, צו וואָס מיר זיינען געקו־מען צוגעהן. די שטאָדט ווייכט פון דיר, דיינע יודעלעך האָבען דיך פיינט, ביזט יעצט איינער אַליין; קום ליעבער צו אונז, גיב אונז דעם יונג פאַר אונזערס אַ מויד — און לעבען מיר אינאייעם! אַז נישט, איז נישט גוט; מיט קריעג

וועסטו גאָר נישט מאַכען; דו ביזט איינער, מיר זיינען פיעל. די גוים בונטעווען סיי ווי סיי געגען דיר. זיי זאָגען, דו לאָזסט די טאָכטער נישט אין דער קירכע געהן; זי שעמט זיך פאַר דיר גאָט צו דיענען. ווער עס האָט אַ פויערען-מאַן, דער זאָל אָננעהמען די רעליגיע פון אונז. מיר קענען נישט קאַווירען פאַר אַן עולה, ווען דו וועסט דיך האַלטען אַזוי שטייף; דאָס בלוט איז יונג און רייסט זיך צום גע-שלעג. מיר זיינען דיך געקומען וואָרענען, פאַני לייזער.

פ אָ ט ע ר ס ט אַ ך

די גוים זיינען בייז. זיי זאָגען די טאָכטער האָט ער אויסגע-געבען פאַר אַן אונזעריגען, דעם בעסטען חתן פון דאָרף האָט ער צוגענומען. זאָל ער ווערען אַן אונזעריגער; אַז נישט וועלען זיי צום קאָמיסאַר געהן קלאָגען זיך אויף דיר, אַז מיר ווילען נישט האָבען קיין פרעמדען, פון דאָרף דיך אַרויסזעצען מיט געוואַלד. עס וואָלט שוין לאַנג געקומען צו געשלעג, ווען מיר וואָלטען נישט צוריקגעהאלטען. לייזער בעדענק זיך, עס וועט ווערען שלעכט.

ל י י ז ע ר

שרייט אויף.

געגוג! ווער וועט מיר טהון שלעכטס? ווער וועט מיך נויטען, אַז מיר געפעלט נישט דער שידוך, אַז איך וויל דוקא אַ יוד מיט לאַנגע פּיאות און נישט קיין קריסט פאַר קיין איידעם? ווער וועט מיך נויטען דערצו, — דער סאָנד? איך גלויב נישט, אַז עס איז דאָ אַזאַ סאָנד אויף דער וועלט. אונזער קיסר איז אַ גוטער קיסר און וועט קיינעם נישט לאָזען קיין שלעכטס טהון, אַפילו דעם אָרימסטען יודען. איך האָב גע-דיענט ביי די זעלנער און געקריגען אַ מעדאַל פאַר שיסען; איך וועל מיך אָנטהון דעם מעדאַל אויף מיין ברוסט און זיך אוועקשטעלען אויף דעם שוועל פון מיין הויז, און איך וועל זעהן ווער עס וועט וואַגען מיך אַרויסצויאָגען פון דאַנען, פון מיין טאַטען'ס הויז, פון דעם שוועל וואָס מיין פאָטער האָט געלעגט; איך בין אַזוי לאַנג דאָ ווי איהר, און איך אַרבייט שווער און ביטער און פערדינן אַזוי כשר מיין שטיקעל

ברויט ווי איהר, און איך וועל מיך פון דאַנען נישט לאָזען אַרויסיאָגען. לאָזען זיי קומען; איך וויל זעהן ווער עס וועט עס טהון.

קומאַסטעפּאַן.

קום, קומאַ, מיר האָבען נישט דאָ מעהר וואָס צו טהון.

לייזער.

ניין מיט דעם יוד לאָזט זיך דאָס געשעפט ניט אָבמאַכען. מיט סטראַשונקעס וועט איהר גאָר נישט מאַכען.

פּאָטער סטאַך.

מיר האָבען דאָס אונזעריגע געטהון. געהען אַב.

חנה

שפּייט אויס.

וואָס האָט מיך געחלומ׳ט די נאַכט! געהערט אַ מעשה! טאַטע אין הימעל, ווען עס וואָלט אויסגעקומען אין טאָר־בעס אַרומצוגעהן פאַר דיין נאָמענס וועגען, רבונו של עולם, ווען דיר איז בעליעבט!..

פּנחס.

דאָס איז נישט קיין געלעכטער, וואָס די גוים האָבען געזאָגט; זאָלען זיי זיך געהן קלאָגען אויף אונז, שטעלט מען אונז מיט די בעביכעס אַרויס!..

לייזער.

וואָס האָט ער געזאָגט?... נו, וועסט דו דיך געהן שמד׳ען צוליעב דעם, וואָס מען לאָזט דיך נישט וואוינען אויפ׳ן דאָרף? זאָג?!...

פּנחס.

וואָס ווילסטו האָבען?! איך זאָג, אַז עס איז שלעכט, אַז ווען די גוים וועלען זיך בעהמען צו אונז.

לייזער.

און איך זאָג דיר, אַז איך ־אָב פאַר קיינעמ׳ן קיין מורא, איך האָב קיינעם קיין שלעכטס נישט געטהון. איך בין אַ יוד אַ סוחר, איך האַנדעל מיט פערד און האָב עהרליך פערדיענט מיין גראָשען, און אַ זוהן פון טאַטענ׳ס הויז יאָגט מען ניט דערפאַר, וואָס ער וויל ניט קיין איידים קיין

קריסט האָבען. קיינער קען מיך ניט נויטען דערצו. די אמונה, וואָס מיין טאַטע האָט מיר איבערגעגעבען, וועל איך היטען, אַפילו אַז איך זאָל וויסען מיט'ן לעבען צו בע- צאָהלען.

חנה

הייבט אויף די הענד צום הימעל.

פאַר דיין ליעבען נאָמען וועגען וועלען מיר אַלעס, אַלעס איבערטראָגען.

די טהיר עפענט זיך פּלוצלונג און עס פאַלט אריין אַ בלייכער, אַן ערשראָקענער, אנטעק, מיט אַ פערוויינטען פנים. אַלע ווערען ערשראָקען, רוקען זיך אָב צוריק.

אנטעק

וואַרפט זיך לייזער'ן פאַר די פיס.

גוטע מענשען, געהט אַריבער צו איהר; זי ליגט אין קרעמ- פּפען און בעט זיך: די מאַמע, די מאַמע. זי ציהט נעבעך אויס די הענד און בעט זיך: די מאַמע... זי ליידט, זי איז פול מיט אַנגסט, איך קען נישט צוקוקען. לייזער רייסט זיך ארויס פון איהם. ער לויפט צו צו חנה'ן. האָט'ס רחמנות, מאַסקאַ, האָט'ס רחמנות, זי קוקט מיט די אויגען, ווי די קוה די אָרימע, און בעט זיך עפּעס: די מאַמע... אוי, איך קען נישט קוקען, דאָס האַרץ געהט מיר אויס פאַר רחמנות... געהט אַריבער. אנטעק וויינט לאַנג, אַ לאַנגע פויזע.

חנה

וועלכע קען זיך ניט פאַסען, ברעכט ארויס אין געוויין.

מיין טאָכטער, מיין אָרים קינד, וואו ביזטו יעצט אַליין אין פרעמדע הענד...

לייזער.

חנה, וואָס טהוסטו?

חנה.

איך קען נישט מעהר! עס איז מיין טאָכטער, וואָס האָט איהר אַ פייער אָנגעצונדען אין איהר האַרץ? שטעלט דאָס פייער אָב, איהר האַרץ ווערט צוברענט. זי וויל צולויפען אויס- לעשען דאָס ליכט.

פּנחס

האַלט זי איין.

מאַמע, איך וועל צוברעכען אַלץ, וואָס טהוסטו? די משומדת! יעצט איז דאָך די בעסטע צייט. עס וועט זי ציהען... זי וועט צוריקקומען צו אונז. וואָס טהוסטו?!

לייזער

בעהמט זי איין.

חנה, חנה, געדענק אין גאָט! דו פערזינדיגסט דאָך דיר די נשמה. ער ברעכט אויס אין געוויין. איך בין דאָך אויך אַ טאַטע. וואָס בין איך, אַ שטיין? איך האָב דאָך אויך רחמנות. עס איז דאָך פאַר איהר גוטס... אַז זי זאָל אַ יודיש קינד ווע־רען... חנה, חנה, בעדענק דיך.

חנה.

לייזער, איך קען ניט מעהר. מיין קינד איז אין נויט, זי רופט די מוטער צו הילף, איך קען ניט מעהר! איהר האָט אַ פייער אין איהר האַרץ אָנגעצונדען. זי לויפט צו צום ליכט און לעשט עס אויס. אַזוי שטיל איך דיינע ליידען. זי הויבט אויף די הענד צום הימעל. טאַטע, שטראָף מיך, שיק אויף מיר די זינד, איך קען ניט מעהר. מיין קינד איז אין אַ נויט... זי כאַפּט אנטעק'ן ביי דער האנד. פיהר מיך צו מיין קינד. לאָז מיך גאָט שטראָפען פאַר די זינד... מיין קינד איז אין אַ נויט זי לויפט אַרויס מיט אנטעקן.

פּנחס

שרייט אויס.

איך האַס אייך, איך וועל ביי אייך ניט מעהר זיין! פּויערים זיינט איהר, דאָרפס־לייט! ער נעהמט צוזאמען זיינע זאכען. איך האָב מיינע פאָר הונדערט רובעל, איך וועל אין שטאָדט געהן, האַנדלען, אַרבייטען, איך וועל פערלייקענען, אַז איך בין אייער זוהן, איך וועל מיך בעטען אַז מען זאָל מיך אין אַ יודישע שטוב אַריינלאָזען—איך שעם זיך מיט אייך. וויל ארויס.

לייזער

האַלט איהם.

ווי לאָזטו מיך אַליין?

פ נ ח ס.

צו די גע׳שמד׳טע טאָכטער געהט, דאָרפס-פויערים ווערט, ווי זי, איהר זיינט ניט קיין יודען, אַזוי ווי זיי. ער לויפט ארויס.

ל י י ז ע ר

בלייבט אליין, ברעכט זיך די הענד זוכט עפּעס. צום סוף ווענדט ער זיך צו גאָט.

טאַטע אין הימעל, איך בין אַליין, איך בין פערלאָזט. אַלע, אַלע, האָבען מיך פערלאָזט! איך ווייס ניט ווי צו רופען צו דיר, מען האָט מיך ניט געלערענט. טאַטע, הער מיך, הער מיין פיין, מיין נויט ער וויינט לאנג. פערוואַרף מיך ניט פון דיר, פערלאָז מיך נישט... לאָז מיך אַ יוד זיין. ער וויינט.

פאָרהאנג פאלט לאנגזאם.

שלום אַש

# אַ שנירעל פּערל

א טראַגעדיע אין פיער אַקטען
: : מיט אַ פאָרשפּיעל : :

אַ שנירעל פּעריל, אַ שנירעל פּעריל

אױף דעם חאַלז פון די פערשעמטע אידישע טעכטער

# פּערזאָנען:

ר׳ מלך.

מלכּה׳לע.

שלמה, חיים, משה — זייערע זיהן.

רבקה׳לע, זייער טאָכטער.

ברוך, ר׳ מלכ׳ס שמש.

דבורה, אַן אַלטע דיענסט.

פּאָלקאָווניק (פון אַ קריגעריש חיל).

פּאַן דאָמבּראָווסקי, אַ פּוילישער שכן.

ערשטער, צווייטער, דריטער, פערטער סאָלדאַט.

ערשטער, צווייטער, דריטער, פערטער איד.

פאַנטאַסטישע פיגורען:

משיח.

טיטוס.

די מוטער פון קינד.

(געגענדארט, אַן אומבעשטימט אָרט צווישען די גרעניצען פון דייטשלאַנד, גאַליציען און פוילען).

---

# פאָרשפּיעל.

אין סויער פון רוים, טיטוס טריאומף-בויגען, אויף דער תיא אפּיא אין רוים. אין הינטער־גרונד רוים אין פאַרנאַכטליכען זונען־שיין, משיח־אין געשטאַלט פון אַן אַלטען בעטלער, זיצט, ביים דורכגאַנג פון בויגען, מען בעמערקט נישט, אַז ער איז צוגעשמידט מיט קייטען צו דער מויער פון בויגן. אַ שופר ליעגט נעבען איהם, אַ קריגעל וואַסער. איינצעלנע מענער, פרויען געהען דורך; טייל וואַרפען אַ בליק אויף איהם, טייל וואַרפען איהם צו פון זייער עסען. די מעהרסטע אָבער געהען דורך ניט בעמערקענדיק איהם. שטיל, פאַרנאַכט. משיח הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ, מען דערזעהט די קייטען.

משיח
(קוקט זיך ארום):
האָסט אויפגעעפּענט מיין האַרץ צו פאַרנעהמען דעם וועה
פון דער וועלט, און מיר נישט געגעבען די מאַכט, צו
העלפען איהר. אַזוי נאָגט אַן אייביגער צער מיין האַרץ.
יעדעס שלעכטס און יעדעס בייז מאַכען מיינע קייטען
שווערער, און איך האָב נישט די מאַכט צו צורייסען זיי.
עס בענקען די מענשען און חיות נאָך מיר, און לויפען
אַרום מיט אונרוהיגע הערצער און דערשראָקענע אויגען
און פרעגען איינער דעם צווייטען: וואו איז ער, דער איינ=
ציגער בעפרייער? פאַר וואָס פערשפּעטיגט ער זיך אַזוי?
אונזערע הערצער געהען אויס אין אייביגען וואַרטען אויף
איהם — ביז מיר פערשליסען די אויגען און גיבען זיך
איבער אין דער נאַכט אַריין, מיט דער האָפנונג, אַז ער
וועט קומען און אויפוועקען אונז פון שלאָף. אַזוי שלאָפען
זיי און וואַרטען דורות, דורות אין דער אייביגער נאַכט
אויף יענער זייט, און איך זעה דעם חלום-שמייכעל איבער
דער נאַכט ליעגען. האָט מען אונז מיט אַ שלאָף-ליעד איינ=
געוויגט און איינגענאַרט אין טויט?!!... אַזוי הער איך דעם
וועה פון דער וועלט, וואו ער קלאָגט אַרויס סיי פון טויט
און סיי פון לעבעדיג. — גרויסער גאָט, ווען וועט קומען די
צייט? עס שטעהען אויף אין יעדען דור גרויסע גייסטער צו
די מענשען. זיי שלייפען מיינע אייזענס מיט גאָט'ס וואָרט,
וואָס זיי פלאַנצען אין מענשען'ס הערצער אַריין. אין יעדען
דור רינט ניי בלוט אין מיינע אַלטע ביינער אַריין. און איך
ווער יונג און בעניים. אפשר איז עס דער דור, וואָס איז
ראוי דערצו, אַז ער זאָל מיך פון די קייטען בעפרייען? (ער
הערט זיך איין. פון דערווייטענס הערט זיך זעלנערישע מוזיק, פויקען,
פישטשאלקעס...) וואָס הער איך? ווער קומט אָן? וואָס? ער-
יעצט, אין אַזאַ צייט? —

טיטוס

(אין אַ געשטאַלט פון אַ קאָמאַנדיר, מיט שווערד און שילד — וויל דורך דעם טויער. משיח פערשטעלט איהם דעם וועג).

משיח:

טיטוס, וואוהין? עס איז דורך די אַלטע גוטע צייט, ווען דו האָסט מענש אויף מענש געריצט, מיט האָס זייערע אויגען פערבלענדט און מיט די שפּיזען איינס אויפ׳ס אַנדערע גע־שיקט. גרויסע גייסטער זיינען אויפגעשטאַנען אין יעדען דור, און די מענשען פון מיר דערצעהלט, ווי איך ליעג געבונדען ביי דער וואַנט. אָ, פּאַקען וועלען זיי דיך אויף דיין אַלטען קאַנאָן, און דעם העלם געבען דיר אין דער האַנד, גלעטען דיך ווי אַ קינד איבער דער באַק, און זאָגען: מאַך דיך נישט צום נאַר! און דיך צוריקשיקען אין מוזעאום אריין, אין דעם בית־הקברות פון די געטער, וואו עס חלום׳ען אין זייער אייביגער רוה, אַזויפיעל שוין אַלטע געצען.

טיטוס:

טרוימסט נאָך, אַלטער טרוימער, צייט איך האָב דיך פון ירושלים געבראַכט אין מיין טריאומף־וואָגען איינגעשפּאַנט, און דיך דאָ, צו מיין בויגען, וואָס די מענשען האָבען מיר געשטעלט צום רוהם, אויף אייביגער קנעכטשאַפט דיך אַנגעשמידט? דו טרוימסט נאָך, אַלטער טרוימער, און דו זעהסט נישט ווי דו ביזט גרוי געוואָרען אין דיין טרוים. דער מאַרך איז אויס דיינע ביינער אויסגערונען אין דעם לאַנגען וואַרטען אויף זיי, אין יעדען דור האָסטו זיי ביי־סטער געשיקט, און דו האָסט זיי דערצעהלט פון דיין וואַר־טען אויף זיי, און גאָר נישט האָט זיך געביטען דורך דער לאַנגער צייט, און האָבען זיי וואָס געלערנט? — מיך האָבען זיי געלערנט צו דיענען. פאַר מיר האָבען זייערע חכמים זיך געקליגט. די חכמה פון פויגעל אין דער לופטען צו פליהען. דעם פיש אין וואַסער נאָכגעקוקט, און, ווי ער, דורך די טיעפעניש פון די וועלען דורכגעשוואומען — צו מיר, צו מיר, האָבען זיי עס געבראַכט. לאָס דיענט צו מיר. די גייסטער זייערע, מיינע ווערטער טהוען זיי פערשפּרייטען;

די דיכטער, צו מיין רוהם זינגען זיי לויב=ליעדער. פאַר
מיר האָבען די מוטערס זייערע קינדער שטאַרק ערצויגען.
און זאָג איך מיין וואָרט, שטעל איך ברודער געגען ברו=
דער, פאָטער געגען קינד, און אַלעס ברענגען זיי מיר צום
קרבן. די פריינדשאַפט פון פריינד, די ליעבע פון ווייב און
דאָס געטריישאַפט פון קינד. איך צוטייל, און איך בעפעהל
איך בין דער גאָט פון מענש, איך בין די מאַכט!

משיח:

רוהם געהער צום העלם און קאַנאָן. עס פאַסט דיר די בע=
ריהמעריי, טיטוס! האָסט צווישען מענשען פיינדשאַפט גע=
זייט, און ווי קינדער האָסטו זיי געשראָקען מיט דעם גלאַנץ
פון דיין העלם און מיט דעם שאַרף פון דיין שווערד.—מע=
נער זיינען עס אויסגעוואַקסען, געשליפען האָט די פיינד=
שאַפט דאָס גוטע מענשען=האַרץ. ריטער, דו ביזט
דער מאַן אין דער פאַסענדער צייט, ווערסט מיר העל=
פען מיט דיין נאַרישקייט מיך פון די קייטן צו בעפרייען.
געגען ווערען—אָבער געגען דיר, גלויב איך, איז שוין גע=
קומען די ריכטיגע צייט (ער רייסט די קייטען פון זיך, זיי וואַר=
פען צוריק אַ שטאַרקען אָבקלאַנג).

טיטוס:

אַ, עס האַלטען נאָך אויס טיטוס'עס אַלטע קייטען! דו האָסט
אונטער דער לאַסט פון שטאָל און אַייזען געטרוימט, אַלטער
טרוימער! וואַרף דיין גלויבען, שפּאַן דיך צו מיר אין האַר=
מאַט אַיין, ווי נישט איין גוטער טרוימער האָט עס שוין גע=
טהאָן, און מיט רעכט! גלויב אין מיר, האָף אויף מיר,
דין צו מיר, איך בין די מאַכט!

משיח:

די מאַכט איז אַ ווייל, דער אמת איז אייביג. דו ביזט די
מינוט. דו ביזט יעצט. מינוטען געדויערט די פיינדשאַפט,
אייביג—דער פריעדען. און בין איך צו שוואַך אַליין די קיי=
טען צו רייסען—איך האָב קיין מורא. פאַר דיר איז די
וועלט געגוג רייף. און צו אַלט דיין העלם. קענסט, מיינעט=

ווענען, גאַנץ רוהיג געהן. איך וועל הערען דעם שפּאָט
און געלעכטער, וואָס וועט דיך בעגעגענען אויף דיין וועג

טיטוס:

הער דיך צו צום שפּאָט און געלעכטער, און טרוים גוט,
אַלטער טרוימער. (ער רייט אַרויס, משיח הערט זיך איין מיט אונ-
רוהיגקייט. עס הערט זיך פון דרויסען גרויסעס פריידען-געשריי. הענד
קלאַטשען: רעטער! מוזיק שפּיעלט. משיח ווערט טרויעריג...)

טיטוס:

(קומט צוריק, בעשיט אין גאַנצען מיט בלומען, אַ קראַנץ אויף זיין קאָפּ):

אָ, שען איז דער מענש, ווען עס וועקט זיך אין איהם די
חיה אויף. דאָס אַלטע, גוטע טהירען-האַרץ פון תרח׳ס אַלטע
צייטען, ווען אין דער לופט דערשמעקט ער בלוט, און די
אויגען ווערען איהם גרויס אַרויסגעזעצט. און מיט אַ ווילדען
גלאַנץ קוקט ער אונרוהיג אין די ווינקלען אַרום, בלאָזט
מיט זיין נאָז, און די אָדערן ציהען זיך איהם אין די הענד
אָן, און עס גלאַנצט פון די אויגען מיט דעם שאַרף פון
שווערד. און שיכור שטעהט דאָס ווייב פאַר איהם, ווילד
און גערייצט—טאַנצט זי איהם אַקעגען אין בלוט אַריין. אָ,
זיי געלויבט, אַלטער, גוטער מענש פון תרח׳ס אַלטע צייטען!
דיין מענשען-האַרץ איז נישט פעררָאָסט געוואָרען פון די
נאַרישע טרוימערייען, וואָס די אַלטע לייט רעדען דיר איין.
אָ, אַלטער נאַר. נאַ, נאַ דיר אויך פון מיין לאָרבער-קראַנץ (ער
ווארפט איהם צו בלומען), שמעק. די בלומען שמעקען מיט בלוט.
צוגעוואָרפען האָבען זיי עס מיר מיט צורייצטע אויגען און אויפ-
געפאַליעטע ברוסט. שמעק, יונג וועסטו ווערען פון די בלו-
מען. פול מיט מאַרך וועלען דיינע אַלטע ביינער ווערען.
איך בין דער גלויבען, איך בין די האָפנונג, איך בין די מאַכט!
(גרויסעס געשריי פון דרויסען: קום צו אונז, גרויסער גאָט!)

טיטוס:

אַ מענש ווי דו לעכצט נאָך מיר! חלום גוט, אַלטער נאַר
(ער רייט אַרויס, פון דרויסען אַ גרויסעס געשריי: הללויה! זעלבערישע.
מוזיק, אַפּגעהענדיג—עס שטילט זיך פאַמעליך איין).

משיח

(קוקט זיך ארום—ערשטוינט, דערשראָקען):

און איך האָב געמיינט, אַז עס איז געקומען די ריכטיגע צייט און דער ריכטיגער מאָמענט. גרויסער גאָט, ווי לאַנג נאָך! ווי לאַנג נאָך וועל איך וואַרטען אויף זיי, אַלעס איז שוין געזאָגט געוואָרען. אַלעס איז שוין געטהאָן געוואָרען. אפשר האָט ער רעכט. — אונטער שטאָל און אייזען האָב איך גע־טרוימט און גרוי געוואָרען אין טרוים — און גאָר נישט האָט זיך געענדערט דורך די לאַנגע צייט. — אָ, גאָט, נעהם פון מיר די געדאַנקען אַוועק. גיב מיר אַ צייכען. גיב מיר אַ בעווייז: אַז עס איז נישט אַזוי, אַז געענדערט האָט זיך דאָך, און זיי וואַרטען אויף מיר אין די לאַנגע נעכט, ווי איך אויף זיי, אַז עס וועט קומען דאָך אַ סוף, אַז ערגיץ־וואו איז דאָ אַ גרעניץ, וואו עס הויבט זיך אָן די האָפנונג און די גערעכטיגקייט. ווייז מיר, גאָט, דעם גרעניץ. לאָז מיך זעהן דאָס ליכט פון דערווייטען, אַז איך זאָל בכח זיין צו טראָגען ווייטער די קייטען און צו האָפען און צו וואַרטען אויף זיי. (פון דערווייטענס קומט אָן אַ פרוי אין שוואַרצען, געהט לאַנגזאַם ווי אַ קעניגין). ווער איז דאָס, וואָס קומט ווי אַ שבת־מלכּה צוגעהן אין טרויער געציערט? (די פרוי קומט אָן און זעצט זיך אוועק נעבען משיח'ן) ווער ביזט דו, געטליכע פרוי, וואָס דו טראָגסט דיין צער אַזוי שטיל ווי אַ גאָט און אַזוי מענשליך ווי אַ מענש?

די מוטער:

איך בין די מוטער פון דעם קינד, און ווען אונשטערבליך איך בין — דאָך מענשליך איז מיין לייד. קיינער פיהלט נישט דעם צער פון קינד, ווי די מוטער אַליין.

משיח:

איך בייג מיך פאַר דיין וועהטאָג, מוטער, טיף צו דער ערד (ער בייגט זיך פאַר איהר).

מוטער:

וואָס קלינגען דיינע קייטען אַזוי אונרוהיג היינט, משיח?

איך האָב געהערט זייער רייסענדיגען קלאַנג און בין געקו־
מען צוגעהן.

משיח:

בעפריי מיך פון די אויף אַ מינוט און גיב מיר די מאַכט
צוריק, דו קענסט עס, דורך דיין לייד.

מוטער:

וואָס איז דער מעהר, היינט פון אַן אַנדערס מאָל? די
ווייסט, עס איז פון גאָט בעשטימט, די קינדער זאָלען קומען
און בעפרייען דיך. מיר וואַרטען ביידע אויף זיי. — די
קינדער קומען נאָך נישט צוגעהן.

משיח:

אונגעדולדיג בין איך געוואָרען וואַרטענדיג אויף זיי. גע־
קנעכטעט ליעג איך דאָ צו טיטוס׳עס טריאומף־בויגען און
וואַרט אויף זיי. איך האָב זיי געזאָגט: אַז אַלעס ווענדט זיך
נור אין זיי.

מוטער:

עס פערשטעהען די גייסטער די מענשען נישט מעהר, ווערסט
זיין אויף זייער אָרט, צווייפלען ווערסט, ווי זיי.

משיח:

שיק מיך צו זיי.

מוטער:

ווערסט עס אויסהאַלטען קענען צו זיין דערביי, צו זעהן די
לייד און נישט האָבען די מאַכט צו העלפען זיי?

משיח:

איר וויל ווערען ווי איינער פון זיי, שטאַרבען זאָל אין מיר
דאָס געטליכע און לעבען דאָס מענשליכע. דורך מיין האַרץ
זאָל דורכגעהן דער מענשליכער צער — אַז איך זאָל פיהלען
און פערשטעהן זיי, און וויסען, ווי צו וואַרטען אויף זיי.

מוטער:

גיב מיר דעם שופר. גאָר נישט זאָל אין דיין האַנט זיין צו בעפרייען זיי — נור די צרות אַליין. (זי נעהמט פון איהם דעם שופר) איך נעהם פון דיר די מאַכט, און ווער איינער פון זיי — (זי בעפרייט איהם פון די קייטען).

משיח:

איך בין פריי, און דער שופר נישט מיט מיר. דער צער איז די מוטער פון מאַכט. דורך די לייד קומט די קראַפט. טיטוס, איך רוף דיך צום קאַמפף אַרויס! דו, מיט דיין מאַכט, און איך, מיט מיין צער! (געהט אַב).

---

# ערשטער אַקט:

פרייטאָג צו נאַכט. דער טיש געגרייט צו שבת, פיער פּאָר זילבערנע לייכטער, פיעל ליכט אין רייכע ענגליישטער ארום. די שטוב אייגגע־ אָרדענט אידישליך. אַלט־אמפּירנע שענק. אין ווינ־ קעל שטוב אַן ארון־קודש מיט ספרים.

מלכה׳לע:

(צינדט אָן די שבת־ליכט):

(הויבט אויף די הענד צום הימעל, בענשט די ליכט. רבקה׳לע שטעהט ביי דער זייט און זאָגט נאָך דער מאַמע׳ן וואָרט ביי וואָרט) „רבונו של עולם, מיין מצוה פון ליכט אָנצינדען זאָל זיין ביי דיר אָנגענומען ווי די מצוה פון כהן־גדול, ווען ער האָט די ליכט אין הייליגען בית־המקדש אָנגעצונדען. אז מיינע קינדער׳ס אויגען זאָלען לייכטען אין דער ליעבער, הייליגער תורה און זייערע מזלות׳ער זאָלען לייכטען אין הימעל. אמן סלה״.

רבקה׳לע:

אמן סלה!

מלכה׳לע:

(זעצט זיך אין טיעפען פאָטער־שטוהל — רבקה׳לע טראָגט איהר אונטער דאָס פיס־בענקעל):

אַזוי קומט ער אָן, דער הייליגער שבת, מיט לייכטעטריט, און פערשפרייט מנוחה איבער דער גאַנצער וועלט. געלויבט זאָל זיין דער בורא, וואָס ער האָט דעם הייליגען שבת בעשאַפען פאַר אַלעמען, סיי פאַר אָרים, סיי פאַר רייך. (פויזע). געה, רבקה׳לע, אין קיך אַריין און זעה, אויב די דינסטען זיינען ברייט דעם הייליגען שבת מקבל צו זיין. וואַשען זאָלן זיי זיך ריין און אָנטהאָן ריינע קליידער. דו ווייסט דאָך, דער טאַטע האָט ליעב ווען דער שבת קומט צו איהם אין ריינקייט. דו ביסט אַ כלה־מיידעל און דיין חתן זיצט ביים טיש.

רבקה׳לע:

איך געה, מאַמע. (פויזע).

רבקה׳לע:

(צוריקקומענדיג):

מאַמע, די דינסטען האָבען געדעקט פאַר די אורחים אין קיך.

מ ל כ ה׳ ל ע:

פּאַר וואָס? אָרימע לייט בעהאַנדלען שטענדיק אָרימע לייט שלעכט. ווייסט דאָך, דער טאַטע האָט ליעב די אורחים צו האָבען נעבען זיך. געה רוף מיר אַריין די דינסטען.

(חנה׳לע, אַן אַלטע דינסט, קומט אַריין).

מ ל כ ה׳ ל ע:

חנה׳לע, וואָס איז די מעשה?—דו ווייסט דאָך, אַז די אורחים עסען ביי אונזער טיש, און היינט, אַז גאָט האָט אונז געהאָלפען, אַז דער מוזיניקעל׳ס חתן זיצט ביים טיש... די קינדער האָב איך נישט—האָבען זיך פערשפּרייט איבער דער וועלט—זיינען זיי דאָך מיינע מחותנים. געה, חנה׳לע, דאָס שענסטע גאָפּעל-מעסער לייג אַוועק פאַר זיי. און פון טייערסטען יום-טוב׳דיגען פּאָרצעלאַן, אויבען-אָן און ביי ר׳ מלך׳ס זייט. עס איז ביי אונז אַ שמחה היינט, רבקה׳לע׳ס חתן האָבען מיר ביים טיש.—רבקה׳לע, העלף איהר צו. (רבקה׳לע און די דינסט טראָגען איבער געדעקעכטס פון קיך אין שטוב). רבקה׳לע, נאַ דיר די שליסלען, ברענג מיר דאָס ציערונג אַריין. (רבקה׳לע געהט אַב מיט די שליסלען, ברענגט איר אַריין דאָס ציערונג. — זי נעהמט אַרויס אַ לאַנגען שנור פּעריל פון איהר קעסטעל)

רבקה׳לע, מיין קינד, ווען דיין מאַמע איז אַ כּלה געוואָרען, האָט דיין באָבע אַרויסגענומען די שנור פּעריל און מיר אָנגעטהאָן אויף מיין האַלז און מיר געזאָגט: „איך טהו דיר אָן די פּעריל פון די באָבע יענטעלע, און אַזוי ווי זי, זאָלסטו אין דיין חתנ׳ס אויגען חן געפינען. וואָרים די באָבע יענטע׳לע איז געווען די אַלטע הייליגע רביצין, ר׳ מאיר זשאָכלינער׳ס ווייב, און אַז די באָבע יענטע׳לע האָט די פּעריל אָנגעטהאָן, איז געקומען אויף איהר אַ חן פון הייליגקייט, און אַז ר׳ מאיר זשאָכלינער האָט זי געזעהן אין די פּעריל, איז אַוועק פון איהם יעדער שלעכטער געדאַנק, און עס איז געקומען אויף איהם די מנוחה פון שבת. פון דענסטמאָל אָן טראָגט אַ כּלה פון אונזער משפּחה די פּעריל ווען דער חתן זיצט ביי איר טיש. און ווען ער וועט דיך זעהן אין די פּעריל, זאָל אַוועק פון איהם

יעדער שלעכטער געדאַנק און ער זאָל דיך נור זעהן אין ריינקייט און צניעות. (זי קושט איהר אין קאָפּ. פון דרויסען הע־רען זיך אַנקומענדע טריט). קומען שוין די מענער פון דער שוהל אהיים. (זי הויבט זיך אויף און נעהמט אָן די טאָכטער ביי דער האנד). קום, וועלען מיר אונזערע מענער אַקעגען געהן, לכבוד דעם הייליגען שבת. (געהען אנטקעגען. בייגען זיך פאַר זיי). שבתא טבי, מורי ובעלי!

מלך:

גוט שבת, מיין ווייב.

מלכה'לע:

גוט שבת, גוט יאָהר.

דער חתן:

גוט שבת דיר, מיין כלה.

די כלה:

גוט שבת דיר, מיין חתן.

מלך:

(קוקט זיך אין שטוב ארום).

שען ביי דיר דער שבת אין שטוב, מיין ווייב. די ליכט ברענען, דער טיש געגרייט, שען. (ער קרעכצט).

מלכה'לע:

וואָס קרעכצסטו, מלך, מיין מאַן, אין שבת?

מלך:

ווער ווייסט, וויפיעל אידען עס זיינען איצט אויפ'ן וועג. דאגות, פרנסה האָט זיי פון דער היים פעריאָגט, פון ווייב און קינד.—אָדער גלאַט אַזוי אָרימע לייט, וואָס גאָט האָט נישט מזכה געווען, אַז זיי זאָלען דעם שבת זיך קענען אָנ־גרייטען ווי עס פּאַסט פאַר אַ איד. — האָסטו נור פאַר דיר אליין דעם שבת אָנגעגרייט, מלכה'לע?

מלכה'לע:

איך האָב אונזער מענש, שלמה'ן, געשיקט אין שטאָדט אריין און געהייסען זיך נאָכפרעגען, ווי ווייט איך האָב געקענט, ווי ווייט גאָט העלפט אונז, אָבער, מלך, די מלאכים

וואַרטען אויף דיר, פאַר וואָס גיסטו די מלאכים נישט אָב דעם שלום-עליכם, וואָס זיינען מיט דיר אין שטוב אַריינ־געקומען?

מלך:

דאָס וואַרט איך דאָך טאַקע אויף די מלאכים, מלכּה׳לע צייט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרען, קומען די מלאכים צו אונז אין געשטאַלט פון אורחים. ווענען זאָל איך שלום-עליכם אָבגעבען, אַז קיין אורחים זיינען צו אונז אין שטוב נישט געקומען?

מלכה׳לע:

וואו זיינען די אורחים, מלך?

מלך:

נישט געווען ביי אונז אין שוהל קיין אורחים דעם שבת, גאָט האָט אונז נישט צוגעשיקט. געלויבט צו גאָט, אידען זיצען אין דער היים, ביי ווייב און קינד — האָב איך זיך געפרעהט. שלמה׳ן געשיקט אין אַנדערע חברות אַריין, אפשר זיינען דאָרט אורחים פערהאַן. אהא, שלמה — נו — ?

שלמה

(קומט אריין, האלב א טרויעריגער):

ר׳ מלך, וואָס וועלן מיר טהאָן? נישטאָ קיין אורחים, אַפילו אויף אַ רפואה, נישט!

מלך:

וואָס, ווי הייסט?

שלמה:

אויסגעווען אין אַלע חברות, אין אַלע בתי־מדרשים, געזוכט געפרעגט, קיין ברעקעל אורח נישטאָ, אַן אויסכאַפּעניש אויף זיי געווען. אין גאַנצען אין שטאָדט נישט געקומען איך האָב געלאָזט אויסרופען דעם שמש פון בעלעמער אַראָב, צוויי גילדען — אַן אורח! קיינער האָט זיך נישט אָנגערופען. — בין איך אַהיים געקומען אָהן אורחים.

מלך:

דאַנק און לויב איך גאָט דערפאַר. אידען זיצען זיך בשלום אין דער היים, מיט ווייב און קינד, הלואי תמיד רבונו של

עולם — אַז עס זאָל קיין איד קיין אָרימאַן נישט זיין. (מיט שמחה און פרייד) צוליב מיר, וואָס איך האָב ליעב אַן אורח אויף שבת, זאָלסטו אידען פערוואָגלען פון דער היים? אָסור, חלילה. איך וועל מיר איינהאַלטען דעם יצר-הרע. אָבער ווייסטו וואָס, עפען אויף די לאָדען פון די פענסטער, די טהירען. ווער ווייס, אפשר קומט אַ פרעמדער שפעט אָן אין שטאָדט אריין, און וועט נישט האָבען וואו דעם שבת צו האַלטען, זאָל ער ליכט זעהן אין אונזערע פענסטער און וויסען, אַז דאָ וואוינט אַ איד. (מלכה, שלמה עפענען די לאָדען די טהיר.) אָט אַזוי, אָט אַזוי. (פון דרויסען הערט זיך אַ גערויש, אלע האָרכען זיך איין.)

מלך
(מיט שמחה):

זעהסט, מלכה׳לע, גאָט שיקט אונז פאָרט אורחים צו. שלמה געה נור אַרויס, זעה ווער עס איז אין דרויסען. איז עס אורחים, פרעמדע — בעט זיי אין שטוב אַריין.

שלמה:

ר׳ מלך, איך מיין, גאָט האָט אונז געהאָלפען. די אורחים קומען אַליין צו געהן. (געהט זיי אנטקעגען. אין דער שטוב ווייזען זיך עטליכע בעלי-בתים, הינטער זיי ווייבער, קינדער, שבת׳דיג אָנגע-טהאָן, מיט דערשראָקענע אויגען. אלע שטוב-מענשען ווערען דערשראָקען און קוקען זיי אָן פערוואונדערט).

מלך:

גוט שבת, ר׳ בעריל, גוט שבת, ר׳ משה.

די בעלי-בתים:

גוט שבת, ר׳ מלך. — שוין געהערט?

מלכה׳לע, שלמה
(דערשראָקען)

וואָס, געהערט? וואָס איז געשעהן?

ערשטער בעל-הבית:

איהר ווייסט נאָך פון גאָר נישט? מלחמה איז אויף דער וועלט געקומען. — הערט, וואָס די אידען פערצעהלען —

— קומען צו לויפען פון קרוש:עוויק. נא, מען קומט צו אונז אויך

שלמה:

ווער, סאָלדאַטען? וואָס פאַרע, זייערע, פון פיינד? איז ער שוין דאָ?

די אידען:

סאָלדאַטען, אונזערע אייגענע, יאָגען אונז.

מלכה׳לע:

אוי, ווער איז מיר, קרושנעוויק? וואָס מאַכט דאָרט מיין חיים׳ל? וואו איז ער ערגיץ?

אַ אידענע:

חיים׳ל,—געהערט, געהערט —

מלכה׳לע

(דערשראָקן):

וואָס?

די אידענע:

וואָס האָט איהר מיך צו פרעגען? פרעגט אַן אַנדערע.

מלכה׳לע:

מלך, הער וואָס די אידען דערצעהלען!

מלך:

עס איז שבת הייגט, און אום שבת טאָר מען קיין שלעכ= טע בשורה נישט הערען. לאָמיר עס אָבלייגען אויף נאָך הבדלה. זעצט אייך, אידען, צום טיש. מלכה׳לע, זעה דעם חסד, וואָס גאָט טהוט מיט דיר. שיקט דיר אורחים אין שטוב אריין. בעט צום טיש. (ער ווענדט זיך צו די אורחים מיט אַ געזאַנג) שלום עליכם, מלאכי השרת, מלאכי העליון ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא (זעצט די אורחים צום טיש).

מלכה׳לע, שלמה:

(געהען ווידער צו צו די אידען און פרעגען אויס):

וואָס איז געשעהן? אידען, וואָס טהוט זיך? דאָ אויך,—הים הים (ווינט מיט׳ן קאָפּ אויף די צרות).

ערשטער בעל-הבית:

וואָס איז דער חילוק, זיי וועלען באַלד אויך דאָ זיין.

מלכה׳לע:

(בלייך, דערשראָקען, קוקט אויפ׳ן מאַן, ווייסט נישט וואָס צו טהאָן).

מלך:

מלכה׳לע, מיר האָבען שבת היינט, מיר טאָרען נישט הערען קיין שלעכטע בשורות אום שבת. מאָרגען, אַלעס מאָרגען.— זיי מכבד די אורחים. אין זכות פון שבת וועט אַלדעס שלעכט אַוועקגעהן. זעצט אייך, ר׳ איד, זעצט אייך,—שלום עליכם מלאכי השרת. (אין טהיר קומען אריינצולויפען אַנדערע אידען).

אַ איד:

ר׳ מלך! זיי זיינען שוין אויך דאָ!

שלמה:

ווער?

די אידען:

איהר ווייסט נישט?—סאָלדאַטען, דער צורר, דער פּאָלקאָווניק, געהט מיט זעלנער אין גאַס אַרום, און פרעגט זיך אויף אייך.

מלכה׳לע:

מלך, הער!

אַנ׳אַנדערער:

עס פיהרט איהם אָן דער פּאַן דאָמבראָווסקי — אייער שכן, ר׳ מלך.

רבקה׳לע:

מאַמעלע, איך האָב מורא!

מלכה׳לע:

(דערשראָקען):

וואָס איז דיר, מיין קינד? וואָס האָסטו מורא?

רבקה׳לע:

מאַמעלע, פּאַן דאָמבראָווסקי — איך האָב מורא פאַר׳ן גוי! ער לויפט מיר נאָך יעדעס מאָל, ווען ער זעהט מיך.

שלמה:

ר׳ מלך, הערט! איך מיין, עס איז א יושר, אז מיר זאָלען זיך אַלע בעהאַלטען.

מלכה׳לע:

מלך, יאָ! (צוויי אידען קומען אריינצולויפען מיט שרעק).

ערשטער איד:

ר׳ מלך, בעהאַלט זיך, דער פּאָלקאָווניק פרעגט זיך אויף אייך.

אַ צווייטער:

ר׳ מלך, דער צורר דאָמבראָווסקי פיהרט איהם אָן, עס וועט קיין גוטעס ניט זיין.

מלכה׳לע:

מלך, געדענק אָן גאָט,—געה פון שטוב.

שלמה:

ר׳ מלך, ראטעוועט אייך דאָס לעבען.

מלך:

אידען, וואָס טהוט זיך מיט אייך? וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען? ער פרעגט זיך אויף מיר? נו, וואָס איז אפשר בעדאַרף ער עפּעס צו מיר. וואָס מיינט איר, מענשען זיינען חיות? מענשען זיינען נישט קיין חיות. עס איז שבת היינט, מלכהלע, אורחים זיינען צו דיר אין שטוב אַריינגעקומען (ער ווייזט אויף די פרעמדע) און צייט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרען, קומט גאָט צו אונז אין געשטאַלט פון אורח. און היינט, אַז גאָט איז צו דיר אין שטוב אַריינגעקומען, וועסטו אַנטלויפען? איז עס שען אַזוי, מלכה׳לע? בעט די אורחים צום טיש. אידען, זעצט אייך, מיר וועלען דעם שבת מקדש זיין. — זעהסטו, רבקה׳לע איז עפּעס אַנדערש, אַ מיידעל... זאָלען די יונגע קינדער פון שטוב אַרויסגעהן. —

מלך

(בערוהיגט דעם עולם):

נו, אידען, לאָמיר זיך זעצען צום טיש, לאָמיר דעם שבת מקדש זיין, מלחמה איבער דער וועלט,—אודאי איז עס אַ גרויסער אונגליק, נור אין שבת טאָר מען זיך ניט מצער זיין.

עס איז שבת, לאָמיר דאָס אונזעריגע אָבטהאָן. אפשר וועט אונז גאָט העלפען אין דעם זכות. און פאַר זיי האָט איר זיך אויך ניט וואָס צו שרעקען. עס זיינען דאָך אונזערע סאָל־דאַטען, וואָס זיינען אין שטאָדט געקומען, ניט חלילה דעם פיינד׳ס. לאָמיר הערען, וואָס זיי ווילען. אפשר ווילען זיי עסען—וועלען מיר זיי געבען. אָבער צו שרעקען איז זיך, חלילה, נישטאָ וואָס, און דעם שבת צוצושטערען. אידען, גיסט אייך אָן ווין, מיר וועלען קדוש מאַכען. (ווי ער גיסט אָן וויין, דערהערט זיך פון הויף אַ גערודער).

**איי ניגע בעלי־בתים:**

ר׳ מלך, זיי זיינען דאָ!

**מלך:**

נו, טאָ וואָס איז: לאָמיר זיצען רוהיג אויף אונזערע פלע־צער, אַז זיי זאָלן גאָר נישט זעהן, אַז מיר האָבען זיך גע־שראָקען. שלמה, געה אַרויס, זעה, ווער עס איז דאָרט.

**שלמה**

(מיט מורא, קוקט אויף ר׳ מלכ׳ן).

**מלך:**

וואָס האָסטו מורא? וואָס, חיות זיינען עס? מענשען. אָט געה איך (ער וויל געהן).

**שלמה:**

ניין, ניין, ר׳ מלך, אָט געה איך שוין. (געהט אַרויס. אין דע טהיר טרעפט ער זיך מיט אַ קאַלאָנעל, פאַן דאָמבראָווסקי, אַ יונגער גוי מיט לאַנגע וואָנצעס, אייניגע סאָלדאַטען).

**פאַן דאָמבראָווסקי**

(פון דער טהיר):

פאַניע מלך, דער פאַן פאָלקאָווניק פרעגט זיך אויף דיר.

**מלך**

(פערוואונדערט):

אויף מיר? (אַלע אין שטוב ווערען דערשראָקען).

**פאַן דאָמבראָווסקי:**

יאָ, פאַניע מלך, ער פרעגט זיך אויף דעם גרעסטען אידישען גביר אין שטאָדט, אויך דעם וואָס קויפט אויף די תבואות

פון די שרים, וואָס האָט אַ שפּייכלער פול מיט תבואות, און אַ שראַנק פול מיט גאָלדענע און זילבערנע זאַכען.—ער וויל געשעפט מאַכען מיט דיר, דער פאַן נאַטשאַלניק, האָב איך אים צו דיר אַריינגעפיהרט. ווערסט דאָך מיר מעקלער־געלד בעצאָהלען, ווען דער פאַן נאַטשאַלניק וועט דאָס געשעפט מאַכען, נישט וואָהר, פּאַניע מאָשקו? (פערבויגט זיך פאר'ן פּאָלקאָווניק) איך האָב די עהרע דיר פאָרצושטעלען—דאָס איז ער, דער פאַן מלך, וואָס די אידען רופען איהם מלך—קעניג. דער רייכסטער מאַן פון דער שטאָדט. אַלעס לייגן ביי איהם די אידען אַיין. אין די שפּייכלערס פול מיט תבואות—פון אַלע הויפען אויסגעקויפט. אָ, ער איז בעריהמט, דער פאַן מלך—קעניג. קעניג פון די אידען.

**דער פּאָלקאָווניק**

(קוקט זיך ארום):

דו הערסט, איד, דער פאַן האָט אָנגעוויזען אויף דיר, אַלס דעם רייכסטען מאַן פון דער שטאָדט. ביי דיר זענען די שפּייכלערס מיט תבואות פול, וואָס דו האָסט פון שרים אויפגעקויפט. זעהר גוט, עס קומט צו נוץ אין צייט פון קריעג.— וועסט אונז די שליסלען איבערגעבען.

**מלך:**

שלמה, גיב זיי די שליסלען פון די שפּייכלערס.

**שלמה:**

שליסלען פון די שפּייכלערס! דאָס גאַנצע עשירות?

**מלכה'לע:**

מלך!

**מלך:**

עס האָט קיינער קיין רעכט נישט צו האַלטען תבואות אין שפּייכלערס ווען מענשען זיינען הונגעריג. עס איז פאַר'ן מלכ'ס זעלנער.—גיב זיי די שליסלען.

**שלמה**

(מיט אונטערטעניגקייט):

דער פאַן וועט זיין אַזוי גוט (גיט איהם די שליסלען).

דער פאָלקאָווניק

(קוקט זיך ארום):

אַ הויס געדעקטער טיש, וויין — חלה — אָ־וואַ (ער גיסט זיך אן וויין און טרינקט). ווי לאַנג שוין דאָס ניט געזעהן. — קאָלעגען, קומט צום טיש.

מלך:

ווער עס איז הונגעריג — פאַר דעם שטעהט מיין טיש גרייט. ביטע, זעצט אייך צום טיש. — מלכּהילע, הייס אויפגעבען די פיש.

פאַן דאָמבראָווסקי:

און וואָס פאַר אַ פיש, פאָ ושידאָווסקו געמאַכט. עס איז ביי זיי שבת היינט.

מלך

(צום גוי):

קענסט דיך אויך זעצען צום טיש. מיין טיש איז פאַר אַלע־מען גרייט (ער בעט איהם צום טיש).

דער פאָלקאָווניק

(עסענדיג):

איך האָב דיך ערגיץ־וואו געזעהן, איד. דו קומסט מיר בע־קאַנט פאָר.

מלך:

עס קען גרייליך זיין. איך פאָר אויף מערק אין שטעדט ארום, טרעף זיך מיט אַ וועלט מענשען. מיין נאָמען איז, גאָט צו דאַנקען, ביי אייך אין די מקומות אויך בעקאַנט.

פאַן דאָמבראָווסקי:

אַ יאַקושע, דאָס איז דאָך אַ מלך פון די אידען, אַלע לייגען ביי איהם דאָס געלד און ציערונג איין און די קהילה האָט איהר גאַנצען אוצר ביי איהם בעהאַלטען. דאָס איז זעהר אַ בעגלויבטער מענש צווישען „זייערע“.

דער פאָלקאָווניק:

דורך דעם וויל איך טאַקע דיך פאַר אַן אויפזעהער איבער די אידען מאַכען. דיינע אידעלעך האָבען אונזערע סאָלדאַטען נישט איבריגעס ליעב, וועסטו פעראַנטוואָרטליך זיין פאַר זיי.

פאַן דאָמבראָווסקי:

אזאַ עהרע פאַר אַ אידען, אָ־וואַ, זעהט, אידען, ווי דער פאַן נאַטשאַלניק געהט זיך מיט אייך אום. דאַנקט דעם פאַן נאַטשאַלניק. קושט די האַנד. אזאַ כבוד פאַר אַ אידען.

דער פאָלקאָווניק:

דו וועסט מיר בעזאָרגען מיינע סאָלדאַטען, אזוי לאַנג ווי זיי וועלען אין דעם שטעדטיל זיין, מיט באַהרונג, קליידונג.— הערסט מיר ביז אין פיער און צוואַנציג שעה צושטעלען: צוואַנציג פוד ברויט, צעהן זעק צוקער, וואַרימע וועש און דרייסיג טויזענד גולדען אין גאָלד און זילבער און קופּער. דאָס אַלעס זאָל מיר ווערען צום פונקט און צו דער צייט צוגעשטעלט, ווען איך וועל מיינע סאָלדאַטען שיקען דערנאָך. דו הערסט, איד.

פאַן דאָמבראָווסקי:

דער פאַן נאַטשאַלניק קען זיין גאַנץ זיכער, קוים האָט זיך דער איד אונטערגענומען, וועט עס זיין.

מלך:

עס איז אַפילו שבת היינט, און נאָך אונזער דין דאַרף דער איד שבת רוהען פון אַלע זיינע געשעפטען, נור אַז דער מלך הייסט—אַלעס וואָס איז אין מיין רשות, זאָל צום מלך און צו זיין חייל געהערען. אָבער די בעפעלקערונג דאָ איז אָרים, איך ווייס נישט וואו מיר וועלען אַזאַ סומע ברויט, צוקער און געלד צונויפנעהמען?

דער פאָלקאָווניק:

וועגען דאָס דייניגע וועלען מיר שפּעטער רעדען. די סומע וועסטו פון דיינע שטאָדטסלייט צוזאַמענמעהמען. נישט בעהאַלטען אין די לעכער אריין. דו ביסט פעראַנטוואָרטליך. (ער קוקט זיך ארום). ביי דיר אין שטוב זעהט גאָר אָנשטענדיג אויס, נישט ווי ביי יעדען איד—ריין געווייסטע ווענט, אַ זילבער בעדעקטער טיש, אַ ווייס בעט. דאָ, ביי דיר, וועל איך אליין וואוינען. איהר וועט מיר די וואוינונג רוימען פאַר

מיין שטאָב, און מיט עסען און וועש פון אייער טיש בע־
זאָרגען.

מלך:

אָנגעלעגטע געסט זאָלט איהר זיין, אונזער הויז שטעהט פאר
יעדען אָפען.

דער פּאָלקאָווניק:

עס געפינט זיך ביי דיר אין שטוב פיעל גאָלד און זילבער,
וואָס דו האָסט אויפבעוואַרט. גאָלד און זילבער געהערט
צום קיסר אין צייט פון קריעג. עס קען קומען דער פיינד,
בעפאַלען עס, צונעהמען. אָדער אַליין עס אין קאַסטענס
אויף דער צווייטער זייט צום פיינד איבערשיקען, ווי נישט
איינער פון אייערע האָט עס שוין געטהאָן.

מלך:

דאָס מייניגע קען איך דיר געבען, איבער פרעמדעס האָב
איך נישט קיין רשות.

דער פּאָלקאָווניק:

דאָס וועלען מיר שוין שפּעטער זעהן. ווייז, וואו דו האָסט
דיין גאָלד און זילבער, אָבער אין קיינע לעכער פערשטע
קען, נישט בעהאַלטען, איד, עס וועט מיט'ן לעבען קאָסטען

מלך:

עס איז נישט מיין געוואוינהייט אַנדערש צו זאָגען און אַנ־
דערש צו טהאָן. מלכה'לע, גיב זיי די שליסלען איבער.

דער פּאָלקאָווניק:

דאָס איז זעהר שען, דאָס איז זעהר גוט.

מלכה'לע

(נעהמט די שליסלען פון איהר שערץ און גיט זיי איבער).

דער פּאָלקאָווניק:

(צו פאַן דאָמבראָווסקי):

גע, פאַן, ווייז מיינע סאָלדאַטען, וואו דער איד האָט זיין
גאָלד און זילבער בעהאַלטען.

דער פאָלקאָווניק:

איך פערשטעה, שבת — אַ פערזאַמלונג געגען דעם קיסר — סודות דעס שונא אַרויסצוגעבען — די טעלעגראַפען-דראָטען (פאַן דאָמבראָווסקי מיט צווי זעלנער געהען נאָך מיט אַ זאַק, ווייזט אַ אויף די שרענק, שופלאַדערס. מען נעהמט ארויס זילבערן גאַפּעל-מעסער, ציערונג און מען פּאַקט אַלעס אין זאַק אריין. צום סוף קומען זיי אויך צו'ם טיש צו, נעהמען די זילבערנע לייכטער אראָב).

מלכה'לע:

די שבת-ליכט, וועלכע איך האָב פאַר מיינע קינדער אָנגעצונדען. איך בעט אייך, לאָזט זיי איבער ביז איבער שבת אויפ'ן טיש, עס איז שבת היינט.

מלך:

מלכה'לע, דאַרף דען דער שבת ליכט? לייכט ער נישט ווי אַ גרויסער שטערן איבער דער וועלט? (מלכה'לע בערוהיגט זיך, הערט אויף).

דער קאָלאָנעל

(דערזעהט די פרעמדע אידען):

וואָס טהוען דאָ אַזוי פיעל אידען אויף איין אָרט? וואָס פאַר אַ פערזאַמלונג איז דאָס, אין צייט פון קריעג?

פאַן דאָמבראָווסקי:

עס איז דאָך קריג, זיינען זיך די אידען צוזאַמענגעקומען בעקלעהרען, וואָס זיי האָבען צו טהאָן. פאַן מלך איז זעהר אַ קלוגער איד, וואָס ער זאָגט, איז הייליג ביי זיי.

מלך

(צום פאַן):

דו זאָגסט נישט גוט. עס איז שבת היינט ביי אונז, און מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אונזער שבת מקדש צו זיין.

פאַן דאָמבראָווסקי:

(צום פאָלקאָווניק):

דער פאַן נאַטשאַלניק פערשטעהט, „עס איז שבת ביי זיי", וואָס דאָס מיינט...

דער פאָלקאָווניק:

איך פערשטעה, שבת — אַ פאַרזאַמלונג געגען דעם קיסר — סודות דעם שונא אַרויסצוגעבען — די טעלעגראַפען־דראָטען

איבערצושניידען. איך פערשטעה... סאָלדאַטען נעמט די אידען אין פעלד אַריין, זאָלען זיי גריבער גראָבען, די טרענטשעס מאַכן, נישט דאָ זיצען און פערזאַמלונגען אָבּ־ריכטען, סודות צו בעקלעהרען, דעם פיינד אַרויסצוגעבען. — עס זיינען גוטע הענד, פיעל יונגע לייט, זיי קענען אונז צו נוץ קומען אין פעלד. (די סאָלדאַטען נעמען די אידען).

די אידען:

(הויבען אָן צו וויינען):

שבת מחלל זיין.

מלך:

לאָז אונז נור בלויז שבת־מקדש זיין.

פאָלקאָווניק:

אָבער מאַך עס שנעלער.

מלך:

(נעמט דעם כוס אין האנד, און זאָגט):

יום השישי.

די יודען וואַרטען ביז ער מאַכט קדוש.

פאָרהאַנג.

# צווייטער אַקט:

**אין אַ קעלער־שטוב. אָנגעלעגט מיט זעק און קערב,** טהייל צובראָכענע מעבעל. אין הינטערגרונד אַ טהיר אין אַ צווייטער קאַמער אריין. אין אַ זייט צוויי פענסטערלעך פון דער גאַס ארויס. שבת פאַרנאַכט. ר׳ מלך שטעהט שמונה עשרה צו מעריב און דאַווענט. דוד מיט רבקה׳לען זיצען אין אַ ווינקעל און רעדען צווישען זיך זעהר פערטרויערט און שטיל.

ר ב ק ה׳ ל ע:

שווייג, שווייג, דער טאַטע דאַוונט — ש־ש־ש.

ד ו ד ׳ ל:

רבקה׳לע —

ר ב ק ה׳ ל ע:

ש־ש (זי פערמאַכט איהם מיט איהר האַנד דאָס מויל. — אַלאַנגע ווײלע קוקען זיך איינס דאָס אַנדערע שווייגענדיק אין די אויגען אַריין. די טהיר עפענט זיך און עס לויפט אַריין שלמה מיט מלכה׳לען, הינטער זיי אידען מיט פעקלעך. צוויי טראָגען אַ וואָג אַריין).

ש ל מ ה

(רופט צו די אידען):

פלינקער קומט, חיים, נתן, לעגט אָב די פעקלעך, לעגט אָב.

ד ו ד ׳ ל

(כאַפט זיך אויף):

שווייגט, ר׳ מלך דאַוונט נאָך מערב.

ש ל מ ה:

עס איז דאָך נישטאָ קיין צייט, דער קאָמאַנדיר וועט דאָך באַלד קומען נאָך די זאַכען.

ר׳ מ ל ך

(גייט אויס שמונה־עשרה):

לאָז, שלמה, לאָז נאָך איין מינוט. לאָז דעם שבת אויסגעהן אין מנוחה. דער שבת בעדאַרף דאָך פון קיין צער נישט וויסען. אָט באַלד, אָט באַלד, וועט זיך אָנהויבען די וואָך.— מלכה׳לע, גיב צו מאַכען הבדלה.

מ ל כ ה׳ ל ע

(וויינט):

זעהט, מענשען, זעהט, צו וואָס מלך האָט דערלעבט.—וואו ריכטסטו אָפ דיין געבעט, מלך, צווישען זעק אין קעלער. אוי וועה איז מיר.

ר׳ מ ל ך:

ממעמקים קראתיך ה׳, וואָס טיעפער דער קעלער איז, אַלץ נעהנטער איז גאָט. אַנדערע האָבען עס אויך נישט. גיב,

מלכּה׳לע, הבדלה צו מאַכן. די וואָך וואַרט אויף אונז. מלכּה׳לע, צינד אָן אַ ליכט. (מען צינדט אָן אַ ליכט. ר׳ מלך מאַכט הבדלה איבער דעם ליכט). גוט וואָך!

**שטימען:**

גוט וואָך!

**שלמה:**

נו, קומט אַריין פלינקער, דאָ וועלען מיר אָבלעגען דאָס ברויט, און דאָ דאָס קופּער מיט׳ן זילבער. פלינקער, איילט זיך צו. די פיער־און־צוואַנציג שעה זיינען שוין באַלד פאַרביי. עס איז שבת געווען. — דאָ, חיים, וואָס האָסטו? (אידען קומען אָן מיט פּעקלעך, לעגען אַב).

**ר׳ מלך:**

זעהסט, מלכּה׳לע, ווי אָרימע לייט טראָגען איבער זייער צער! לערן דיך, מלכּה׳לע, לערן דיך פון זיי. (ער גערהט צו צו אַ ווייבעל) וואָס האָט איהר דאָ, ברויט? ניין, נישט אַלעס בעדאַרפט איהר אָבגעבען. איהר מוזט דאָך פאַר זיך אויך עפּעס איבערלאָזען. בעהאַלט דעם ביסען פאַר אייערע קינדער׳ס וועגען.

**שלמה:**

ר׳ מלך, וואָס רעדט איר? זיי וועלען דאָך אייך, חלילה, נאָך שלעכטס טהאָן, ווען מיר וועלען זיי נישט די מאָס צושטעלען, ווי זיי האָבן בעפוילען.

**ר׳ מלך:**

זיי זיינען דאָך מענשען, מיר נעהמען דאָך אַוועק דעם לעצטען ביסען פון אונזער מויל. (צו דער אידענע) זאָגט, האָט איהר פאַר די קינדערלעך עפּעס אין דער היים איבערגעלאָזט? עס קומען שלעכטע צייטען. מיר ווייסען נישט ווי לאַנג עס וועט קיין שטיקעל ברויט אין שטאָדט נישט זיין. (די אידענע שווייגט. ער נעהמט צוריק דאָס ברויט און גיט עס איהר אַב) געהט אַהיים, בעהאַלט עס פאַר די קינדער, אָהן אייערס וועט די מאָס אויך זיין פול.

שלמה:

ר׳ מלך, פערציג פוד ברויט, צוקער און גאָלד און זילבער האָבען מיר זיי צוזושטעלען, פון וואַנען וועט איהר דאָס אַלעס נעהמען? די זעק זיינען דאָך לעער. מיר האָבען דאָך נישט קיין צעהנטעל דערפון. — זיי וועלען דאָך אייך שלעכטס טהאָן, ר׳ מלך.

ר׳ מלך:

שלמה, וואָס בין איך, מ׳שטיינס געזאָגט, אַז צוליעב מיר זאָלען מוטערס זייער לעצטען ביסען פון די קינדער׳ס מיילער אַוועקנעהמען? איך בין אַן אַלטער מאַן, געזעטיגט מיט טעג, און אַז עס איז מיר בעשערט די זכיה פאַר קליינע קינדער און מוטערס צו ליידען, דאַנק איך גאָט דער פאַר. (ער גיט צוריק די ווייבער דאָס ברויט) בעהאַלט די ביסענס פאַר די קינדער, טראָגט עס אַהיים, עס קומט אַ שווערע צייט—ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט קיין שפייז נישט זיין.

(די ווייבער האַלטען די פעקלעך אין די הענד און ווייסען נישט וואָס צו טהאָן, קוקען אויף ר׳ מלכ׳ן, אייף שלמה׳ן).

שלמה

(שרייט אויף):

אידען, אונזער ר׳ מלך שטעהט אין אַ גרויסער סכנה. דער קאָמאַנדיר האָט איהם היינט געלאָזט רופען צו זיך און געזאָגט, ווען ער וועט ביז אָבענד דאָס ברויט, צוקער און גאָלד נישט צושטעלען, וועט ער איהם, חלילה, טויטען לאָזען.

די אידען און ווייבער

(דערהערען דאָס, ווארפען זיי די פעקלעך אין די זעק אריין. פון באַס הויבען זיך אָן אנדערע אריינצושפארען מיט פעקלעך און ווארפען צו).

ר׳ מלך:

מילא, זאָל זיין אַזוי. ער וועט נישט טויטען. זיי זייבען מענשען, ער וועט רחמנות האָבען.

אַ איד

(ברענגט אריין אַ חלה):

ר׳ מלך, איך האָב גאָר נישט אין דער היים געהאַט, נאָר

די לעצטע חלה, וואָס איז איבערגעבליבען פון שבת, איך בעט אייך נעהמט עס צו.

**א ן א נ ד ע ר ע ר**

(מיט א פּאָר מעשענע לייכטערלעך).

און ביי מיר איז גאָר נישט דאָ, אַ חוץ די פּאָר מעשענע לייכטערלעך, איבער וועלכע מיין שרה בענשט די שבת־ליכט. דו האָסט זיי, שלמה.

**א ד ר י ט ע ר**

(קומט אריין מיט א קייבעריל אפּעלסינען):

ר' מלך, לאָזט מיך בלויז אַ חלק נעהמען אין פּדיון שבויים. איך האַנדעל מיט אַפּעלסינען. און איך ווייס, אַז סאָלדאַטען האָבען זעהר ליעב אַפּעלסינען. איך האָב מיין גאַנץ קייבעריל געבראַכט. נאַ, שלמה, נעהם עס צו.

**ש ל מ ה:**

(וועגט די זאכן, צעהלט):

איינס, צוויי, דריי. פינף און אכט זיינען דרייצעהן פוד. אוי, עס איז דאָך גאָר קיין אָנהויב ניט—וואָס וועלען מיר טהאָן?

**ר' מ ל ך:**

מענשען זיינען מענשען. איך וועל זיי זאָגען, מעהר נישט געקענט. זיי וועלען רחמנות האָבען, וואָס מיינסטו, חיות זיינען זיי? (צו מלכּה'לען) מלכּה'לע, האָבען מיר שוין אַלעס אוועקגעגעבען? האָבען מיר אפשר פּאַר אונז עפּעס בע־האַלטען? (מלכּה'לע שווייגט) וואָס שווייגסטו? (ער ווערט דער־שראָקען) מלכּה'לע, יעדער ביסען אַזעלכער איז ערגער ווי חרם—זאָג.

**מ ל כ ה' ל ע:**

שלמה האָט בעהאַלטען אַ חלה, אַז דו זאָלסט איבער וואָס האָבען אַ ברכה צו מאַכען

**ר' מ ל ך:**

וואָס? פון קליינע קינדער אוועקגענומען דעם ביסען פון מויל און פאַר מיר בעהאַלטען? שלמה, מלכּה, ווייסט איהר

נישט, אַז אַזאַ ביסען איז ערגער ווי פון מזבח אַראָבגענו־
מען? וואו האָסטו די חלה?

שלמה:

ר׳ מלך, עס וועט דאָך קיין ביסען אין שטאָדט נישט אי־
בערבלייבען. איך האָב עס בעהאַלטען פאַר אַ ברכה, עס
פעהלט דאָך סיי ווי סיי צו דער מאָס.

ר׳ מלך:

האָסט מיך געוואָלט מאַכען פאַר אַ גזלן פון קליינע קינדער?
(ער נעהמט די חלה און לעגט זי אין זאַק אריין) צו ערשט אונ־
זער ביסען, דערנאָך די אָרימע לייט.

מלכה׳לע:

ביסטו דען ניט דערזעלבער אָרימאַן וואָס זיי?

ר׳ מלך:

דאַנק איך גאָט וואָס איך בין דער זעלבער אָרימאַן וואָס
זיי. האָב איך אַ רוהיג האַרץ. און איך האָב שטענדיג גע־
בעטען צו האָבען די זכיה צו דיענען גאָט ווי אַן אָרימאַן,
און יעצט האָב איך דאָס זוכה געווען. יעצט בין איך אַן
עוסק בצרכי צבור בשלמות. (די טהיר עפענט זיך און עס קומט
אריין פאַן דאָמבראָווסקי, האַלט עפּעס אונטער דער פּאָלע איינגעוויקעלט
אין אַ ליילעך. נאָך איהם אייניגע אידען. די אידען זיינען זייער דער־
שראָקען).

ערשטער בעל־הבית:

ר׳ מלך, הערט, וואָס דער קריסט פערצעהלט.

פאַן דאָמבראָווסקי:

איהר זאָלט זעהן, ר׳ מלך, אַז איך בין אייך אַ גוטער פריינד,
אַז איך האָב אויף אייך רחמנות געהאַט כאָטש איהר האָט
מיך בעליידיגט, כאָטש איהר האָט מיר נישט דאָס הויז מיט׳ן
גאָרטען געוואָלט פערקויפען פאַר גוטע געלד, דאָך זאָלט
איהר זעהן.

ר׳ מלך:

וואָס איז געשעהן אַזעלכעס? זעצט זיך, פאַן, גוטען אָבענד
דיר.

פאַן דאָמבראָווסקי:

שלעכטע צייטען זיינען געקומען אויפ'ן איד. דער פאַן אַ-טשאַלניק איז בייז אויף אייך (קוקט זיך אום. זאָגט אין דער שטיל) איך האָב מורא, אַז עס וועט מיט אייך זיין ניט גוט.

ר' מלך:

פאַר וואָס? מיר האָבען דאָך דאָס אונזעריגע געטהאָן, דעם ביסען פון מויל אָבגעשפאָרט און פאַרן מלכ׳ס חיל בעהאַל-טען. זעהסט, די זעק, דאָס אַלעס איז פאַר זיי, אַזוי ווי ער האָט אונז בעפוילען, אַזוי האָבען מיר געטהאָן.

פאַן דאָמבראָווסקי:

מען האָט אויף אייך שלעכטס אָנגערעדט, אַז איהר האָט געלד און זילבער צום שונא געשיקט, סודות אַרויסגעגעבען, דעם פיינד ביי זיך אין די קעלערס בעהאַלטען. סיי ווי סיי, ווי עס זאָל נישט זיין, עס איז נישט גוט מיט אייך (ער בויגט זיך איין און זאָגט ווידער אין דער שטיל) איך האָב געהערט, ער האָט אַ געהיימען בעפעהל צו די סאָלדאַטען אַרויסגע-געבען ביי נאַכט די אידישע הייזער צו בעפאַלען, האָב און גוטס צוצונעהמען, די מענער אויסצוקוילען און די ווייבער מיט די טעכטער צו די סאָלדאַטען אין די קאַזאַרמעס צו שלעפען, איך אַליין האָב געזעהן דעם בעפעהל.

די אידען

(ברעכען אויס מיט אַ גרויסען געוויין):

טאַטע אין הימעל! אוי וועה!

מלכה׳לע

(הויבט אויף די הענט צום הימעל):

טאַטע, שטעה אונז ביי!

אַנדערע:

פאָטער אין הימעל, פאַר וואָס קומט עס אונז!

ר' מלך:

עס איז נישט אמת, עס איז נישט אמת! איך וועל נישט לאָזען קיין שלעכטס רעדען אויפ'ן שליח פון מלך. מיר האָבען אַ מלך חסד. די ביסענס פון די מיילער נעהמען מיר אַוועק — און בעהאַלטען פאַר זיינע זעלנער. מיר בעטען

טאָג און נאַכט צום רבונו של עולם, אַז ער זאָל מנצח זיין זיינע פיינד. ניין, עס איז נישט אמת, דו טהוסט נישט גוט, פאַן, וואָס דו רעדסט שלעכטס אויף דעם מלכ׳ס שליח. עס איז אַ גרויסע זינד. אַ מלך האָט אַ חלק פון דעם רבונו של עולם אויף דר׳ערד, און עס איז אַ גרויסע זינד צו רעדען אויף גאָט׳ס געזאַלבטען שלעכטס.

פאַן דאָמבראָווסקי:
חאַ, חאַ, חאַ! ווי דער איד גלויבט אין מלך! ·חאַ, חאַ! וואַרט נור, וואַרט נור ביז אויף דער נאַכט.

מלכה׳לע
(שרייט אויס):
רבונו של עולם!

אַנדערע אידען:
ר׳ מלך, וואָס רעדט איהר? האָט ער נישט דאָס גאָלדא ון זילבער פון אייער הויז צוגענומען דעם ביסען פון מויל אַוועקגערויבט, און אונזערע קינדער צו דער אַרבייט גע־שלעפט?

ר׳ מלך:
עס איז אַ שלעכטע צייט, מלחמה אויף דער וועלט, אָבער מיר האָבען אַ מלך חסד—מיינט נישט, אַז עס איז לת דין ולת דיין.

פאַן דאָמבראָווסקי:
זאָל ער גלויבען. איך האָב גאָר נישט וואָס מעהר צו זאָגען. איך בין אייך אַ גוטער פריינד, און בין אייך געקומען וואָר־נען. טהוט ווי איהר פערשטעהט. מיר איז גאַנץ גלייך. נור סיי ווי סיי, ווי עס זאָל נישט זיין, ביז מאָרגען אין דער פריה, וועט קיין איין איד נישט אין דער שטאָדט לעבעדיג איבערבלייבען.

די אידען
(דערשראָקען, ווענדען זיך שוין צו פאַן דאָמבראָווסקי, רינגלען איהם ארום):
וואָס זאָלען מיר טהאָן? גיב אונז אַן עצה.

**א איד:**

דו ביסט דאָך אַ גוטער פרייגד מיט׳ן פּאַן נאַטשאַלניק, רעד פאַר אונז אַ גוט וואָרט.

**אַ צווייטער:**

דו ווייסט דאָך יאָ, אַז מיר זיינען אונשולדיק, — ראַטעווע אונז, געדענק אָן גאָט.

**צוויי אידען**

(וועלכע האָבען זיך געסוד׳עט, ווינקען צום פּאַן):

זאָל נור דער פּאַן געהן מיט אונז אין ווינקעל אַריין.

**פּאַן דאָמבראָווסקי:**

וואָס וועל איך געהן. איך האָב גאָר נישט צו וואָס צו געהן.

**אַ פּאָר אידען**

(לויפען צו צו ר׳ מלכ׳ן):

ר׳ מלך, געדענקט אָן גאָט. לאָמיר ראַטעווען דאָס ווייב און קינד. אפשר וועט ער פון אונז געלד געהמען.

**די אידען**

(צום פּאַן דאָמבראָווסקי):

און וואָס זאָגסטו? גיב אונז אַן עצה.

**פּאַן דאָמבראָווסקי:**

האָרכט מיך אויס, אידען. אייך איז דאָך שוין סיי ווי סיי אַלץ איינס, צו וועמען אייערע הייזער וועלען געהערען. ווי עס זאָל נישט זיין — לעבעדיג, צי טויט, אייך וועט מען דאָך אַלע פון שטאָדט אַרויסטרייבען. מיט אייערע מאַיאָנטקעס וועלען זיך די קריסטען טיילען. וואָס איז אייך אַ חילוק צו וועמען אייערע הייזער וועלען געהערען? אין די קעשענעס מיטנעהמען וועט איהר זיי דאָך נישט קענען. אָט, האָב איך אויסגעמאַכט אַ פּאַפּיער (ער נעהמט ארויס אַ פּאַפּיער), אָט שטעהט דאָ געשריבען, אַז איהר האָט מיר אייערע הייזער מיט די געוועלבער פאַר מזומן געלד פערקויפט. און איך וועל מאַכען אַזוי, אַז איהר אַלע מיט ווייב און קינד און די וואָס וועלען אין דער שטוב זיין, וועלען אויס דעם זיכערען טויט געהן. (די אידען כאַפּען זיך אָן אָן דעם און דינגען זיך מיט איהם).

א י נ ע ר:

אַלע הייזער? אפשר צוויי, אפשר דריי...

ר׳ מלך

(שרייט צו זיי):

אידען, וואָס טהוט איהר, אויפ׳ן סאַטען אין הימעל פער־לאָזט אייך,—נישט אויף אַ מענש, אויף אַ בשר ודם, וואָס היינט איז ער דאָ און מאָרגען איז ער נישטאָ. אידען, גע־דענקט אָן גאָט, אָן גרויסען טאַטען.

פ אַ ן ד אָ מ ב ר אָ ו ו ס ק י

(מאַכט איהם נאָך):

געדענקט אָן גאָט. און וואו איז ער, אייער גאָט? פאַר וואָס לאָזט ער אייך אַזוי איבער אויף צרות? פאַר וואָס נעהמט ער זיך נישט אָן פאַר אייך? יאָ, יאָ, פערלאָזט אייך נור אויף אייער גאָט, שען וועט איהר אויסזעהן.

ר׳ מלך

(געהט צו צו איהם):

דו לעסטערסט גאָט, דו מעסט גאָט מיט דיין מאָס. היינט האָסטו דיך געקריגט און היינט שלאָגסטו דיך. גאָט האָט צייט. זיין לוין און זיין שטראָף זיינען אייביגע — ווי אַלע זיינע מעשים. און די צרות, די מלחמה, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט—איז עס נישט אַ שטראָף פון איהם? ער שטראָפט אונז און שטראָפט אייך. נור אויף וועמען ער וועט נאָך אויסגיסען זיין געטליכען כעס, פאַר די לעסטע־רונגען—וואָס יעדער גאַסען־יונג האָט זיין נאָמען צו שאַנד און שפּאָט געמאַכט — דאָס וועלען מיר נאָך מיט אונזערע אויגען דערלעבען צו זעהן, ווען מיר וועלען זוכה זיין צו דעם.

ע ר ש ט ע ר  ב ע ל ־ ה ב י ת:

אָבער, ר׳ מלך, מען קען דאָך נישט זיצען מיט פערלעגטע הענד און וואַרטען אויף דער ישועה. פון הימעל קען זי־ניט אַראָבפאַלען, מען מוז דאָך זעהן עפּעס אַליין טהאָן.

אַן אַנדערער:

און טאַקע, די סכנה איז דאָך פאַר די אויגען. אידען, וואָס שווייגט איהר, רעדט מיט'ן גוי, קומט דורך מיט איהם.

ערשטער בעל-הבית

(צום פאַן):

אַ גאַנצע שטאָדט מיט הייזער, וואָס ווערסטו טהאָן מיט אַ גאַנצע שטאָדט מיט הייזער און קראָמען? מיר וועלען דיר פערשרייבען צוויי, דריי.

אַן אַנדערער:

חיים, לויף גישט, שריי גישט. (ער רוקט איהם אָב. צום גוי):

לאָמיר הערען, ווי אַזוי וועט איהר אונז ראַטעווען?

אַ דריטער

(צום קריסט):

אדרבא, זאָגט אונז, ווי אַזוי וועט איהר אונז ראַטעווען?

נאָך איינער:

יאָ, פון וואַנען זיינען מיר זיכער?

פאַן דאָמבראָווסקי:

שאַ, אידעלעך, איהר ווילט וויסען, ווי אַזוי איך וועל אייך ראַטעווען? אָט מיט דעם, דאָ. (ווייזט אויף דעם בילד, וואָס ער האַלט הינטער דעם ראָק. ער בעהמט עס פאַרזיכטיג ארויס, און וויקעלט עס אויף): איהר ווייסט וואָס דאָס איז? (ער ווייזט זיי, עס איז א הייליג קריסטליך בילד. די אידען ווערען דערשראָקען, פאַלען צוריק).

דאָס איז אונזער „מאַטקע באָסקע". (ער זאָגט אין דער שטיל)

דער קאָמאַנדיר האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז די קריסטען זאָלען די הייליגע בילדער אין די פענסטער שטעלען, כּדי די סאָלדאַטען זאָלען וויסען, וואו עס וואוינט אַ קריסט און זיין הויז צו שאַנעווען. איהר וועט זיך דאָ אַלע צו ר' מלכ'ן מיט די ווייבער און די קינדער צוזאַמענקומען, נור ניט דאָס גאַנצע קהל, איהר הערט, מען וועט בעמערקען. נור די וואָס וועלען דאָס פּאַפּיער אונטערשרייבען. איך וועל נאָכקוקען. און איך וועל זיך שטעלען אין פענסטער מיט דעם בילד פון דער „מאַטקע באָסקע". אַז די סאָלדאַטען וועלען אָנקומען, וועל איך שרייען: „ברידער, שאַנעוועט אַ קריסטען-הויז".

עס וועט זיין שאַ-שטיל, און צו מאָרגענס בעגינען, נעהמט דאָס פעקעל און היידאַ, פערשווינדט פון דער שטאָדט. נור נישט „פאָ זשידאָווסקאַ", שאַ, שטיל, אז עס זאָל קיינער נישט זען.—פערשטאַנען? (די אידען ווערען דערשראָקען, בלייך. טהייל לאָזען אראָב די קעפּ, ווי זיי וואָלטען זיך געוואָלט איבערלעגען, צו זיי זאָלען אָננעהמען דעם פּלאַן, אנדערע שאָקלען זיך אָב דערפון).

ר' מלך

(ברעכט די הענד צוגויף און שרייט אויס מיט אַ שרעקליכער שטימע):

אידען, וואָס טהוט איהר? איהר געהט, חלילה, פערביייטען דעם לעבעדיגען גאָט? (די אידען שאָקלען זיך אָב, און רוקען זיך אוועק אָן אַ זייט. ר' מלך געהט צו צום פּאַן דאָמבראָווסקי) קריסט, וואָס רעדסטו? דו געהסט, חלילה, האַנדלען מיט דיין גאָט! אונזערע ספרים זאָגען, אַז אַ קריסט, וואָס הערט נישט זיינע געטער, טאָר אַ איד נישט האָבען מיט איהם צו טהאָן, ווייל ער איז אַ גזלן. ער האָט קיין גאָט נישט. ניין, נישט דו זאָלסט אונזער בעשיצער זיין. בידו אפקיד רוחי. אין זיינע הענד וועלען מיר זיך איבערגעבען, אידען. ער וועט שטעהן ווי אַ געטרייער שומר פאַר אונזערע טהיר און פענ-סטער, און ער וועט היטען די, וועלכע פערלאָזען זיך אויף איהם.

פּאַן דאָמבראָווסקי:

און איהר, אידען, האָט טאַקי געמיינט, אַז איך וועל אייך אונזער הייליגע מוטער פאַר די פענסטער שטעלען, האַ, האַ—אונזער הייליגע מוטער זאָל אידען היטען! (ער וויקעלט דאָס בילד צוריק איין אין ליילעך) אונזער הייליגע מוטער היט נור קריסטען, און מאָרגען וועלען סיי ווי סיי אייערע היי-זער אונזערע זיין. (צו ר' מלכ'ן) נור איך וויים, איד, דו פער-מאָגסט עפּעס, וואָס איז דיר טייערער פאַר דיינע הייזער מיט דיינע גיטער, היט דיך, איד!

דוד'ל

(שפּרינגט אויף):

וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס האָסטו געוואַגט צו זאָגען? (ער וויל זיך ווארפען אויפ'ן גוי).

ר׳ מלך:

דוד, שטעה, וואָס טהוסטו דאָ? דו געהסט מיט דעם זעלבען כוח וואָס זיי? (דוד האלט זיך צוריק).

מלכה׳לע:

וואָס האָט ער געזאָגט, דער גוי, וואָס האָט ער געמיינט?

א טהייל אידען:

ר׳ מלך, עס איז אַן עת צרה, מען מעג זיך ראַטעווען דאָס לעבען אויף אַלע אופנים. אידען, קומט, עס איז אַ בפירוש דין. (לויפען נאָך דעם גוי) זאָל דער פאַן זיך ניט בייזערען. (א טהייל בלייבען איבער ביי ר׳ מלכ׳ן).

ר׳ מלך:

אידען, מיר וועלען זיך פערלאָזען אויף גאָט אין הימעל. ער וועט אונזער שומר זיין. מלכה׳לע, וואו איז רבקה׳לע?

מלכה׳לע:

רבקה׳לע שלאָפט אין ווינקעל. איך האָב איהר אָנגעטהאָן דער באָבע׳ס פעריל. עס איז אַ סגולה, זיי וועלען איבער איהר קיין שליטה ניט האָבען.

ר׳ מלך:

פעריל? מיר טאָרען נישט טראָגען קיין פעריל, ווען אָרימע לייט גיבען אַוועק דעם לעצטען ביסען פון מויל, מעג עס זיין איבער וואָס פאַר אַ טעם עס איז.—טהו איהר אויס די פעריל און גיב זיי שלמה׳ן, רבקה׳לע!

רבקה׳לע

(הויבט זיך אויף):

מאַמישע, ווער האָט מיך גערופען?

מלכה׳לע:

שלאָף, מיין קינד, ווייטער, שלאָף.

רבקה׳לע:

ניין, מאַמעשי—איך האָב אַזאַ שענעם חלום געהאַט. דוד׳ל, דו הערסט? עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט, אַז איך בין גאָר נישט געווען אויף דער וועלט, נאָר אויף אַן אַנדערער, אויף אַ גאַנץ אַנדערער, און איך בין געזעסען אין אַ גאָרטען, און אַזעלכע טייערע פירות האָבען געשמעקט אין גאָרטען. און

אַרום מיר זיינען געזעסען אַלטע אידישע װייבער, בלויז אַלטע, נאָר אַזעלכע שענע, וואָס מען זעהט גאָר נישט. די פּנים'ער זייערע האָבען געלויכטען און אויף די העלזער האָבען זיי געטראָגען טייערע פּעריל מיט בריליאַנטען און אויף די קעפּ טייערע הויבען, אויך מיט בריליאַנטען בעפּוצט, און טייערע זיידענע קליידער, און אַזוי פיעל שבת-ליכט האָבען געברענט אויפ'ן טיש. יאָ, אַ טיש איז געװען אין גאָרטען געדעקט, ווי שבת צו נאַכט. און זילבערנע לייכטער זיינען געשטאַנען, און אַ גרויסע גמרא איז אָפען געלעגען אויפ'ן טיש, און אַלע האָבען עפּעס געוואַרט. איז אויפגעשטאַנען אַן אַלטע אידענע, די עלטסטע פון אַלע און די נעהנטסטע פון אַלע, און איז צוגעגאַנגען צו מיר, און האָט מיך געבענשט און האָט מיך געקושט און האָט אויסגעטהאָן איהרע פּעריל און מיר אָנגעטהאָן. און אַלע האָבען מיר עפּעס געוואונשען: מזל-טוב, מזל-טוב.

מלכה'לע

(קושט איהר אין קאָפּ):

מזל-טוב דיר, מיין קינד. האָסט די באָבע יענטע'לע געזעהן אין חלום. די באָבע יענטע'לע אַליין האָט דיר די פּעריל אָנגעטהאָן, אַז זיי זאָלען דיך היטען פון שלעכטס. אַ גוטער סימן, מיין קינד. אַ גיטער סימן.

ר' מלך:

געה שלאָפען, מיין קינד, אַ שלעכטע צייט איז אויף דער וועלט געקומען. זאָג, מלכה'לע, מיט איהר קריאת-שמע, און לעג זי שלאָפען.

מלכה'לע:

יאָ, מיין קינד, אין אַזאַ צייט איז גוט, אַז מען שלאָפט און מען זעהט גוטע חלומות. זאָג מיט מיר קריאת-שמע, און לעג דיך, מיין קינד, אין ווינקעלע, זאָג: „אין דיין האַנד גיב איך איבער מיין נשמה, גאָט". (זי פיהרט זי אין אַ ווינקעל, פּערשטעלט זי מיט קאָפּאָטעס און אַנדערע זאַכען, זאָגט איהר אָן) הער נישט, מיין קינד, און זעה נישט, זיי זאָלען נישט וויסען, אַז דו ביסט דאָ.

ר׳ מלך:

געהט מיט גאָט׳ס בטחון. (אָב אין דער צווייטער קאַמער. די טריט הערען זיך פאַר דער טהיר). נו, שלמה, לאָז מיך, איך וועל זיי אַליין דין וחשבון אָבגעבען. זיי האָבען מיך פאַר אַ עוסק בצרכי צבור געמאַכט. פון מיין האַנד זאָלען זיי פאָדערן.

(ער שטעלט זיך ביי דער וואַנט. עס קומט אריין דער פאָלקאָווניק, סאָלדאַטען, הינטען ביי דער טהיר שלעפּט זיך נאָך דער פאַן דאָמבראָווסקי).

ר׳ מלך

(בויגט זיך פאַר איהם):

איך גריס דיך, פאַן נאַטשאַלניק.

דער פאָלקאָווניק:

נו, הערר בירגערמייסטער, האָסט צוגעשטעלט די זאַכען, וואָס מען האָט פערלאַנגט פון דיר? די צייט איז שוין לאַנג אַריבער.

ר׳ מלך:

שוין לאַנג, נאָך פאַר דער צייט. דאָס פאָלק איז גוט, דאָס פאָלק איז פרום. האָבען געוואוסט, אַז דעם מלכ׳ס חיל איז הונגעריג, אָבגעשפּאָרט דעם ביסען פון מויל, די ביסענס פון די קינדערלעכ׳ס מיילער אַוועקגענומען, די קישען פון די קעפּ, די שבת־לייכטערלעך, יעדער איינער וואָס האָט נור געקענט. קליינע קינדער האָבען זייערע יום־טוב־שטיוועלעך געבראַכט, דו זעהסט (ער וויזט איהם די שבת־לייכטערלעך, די קינדערשע שטיוועלעך) אַלעס האָבען זיי פאַר דעם מלכ׳ס חיל אַוועקגעגעבען.

דער פאָלקאָווניק:

דאָס איז גוט, דאָס איז שען. האָסט אונז טריי געדיענט, הערר בירגערמייסטער. איך וועל עס צושטעלען אין די העכערע מאַכט, און דו וועסט קריגען אַ מעדאַל דערפאַר.

ר׳ מלך:

פאַר אַ מעדאַל? מיר האָבען נישט, חלילה, געטהאָן פאַר בעלוינונג, מענשען זיינען הונגעריג.

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

מיר וועלען זיך שוין אויסגלייכען דעריבער. סאָלדאַטען, וועגט די זאכען. (ער נעהמט ארויס א פּאַפּיער און לעזט) פערציג פּוד ברויט. העררר בירגערמייסטער, וואו זיינען זיי?

ר' מ ל ך

(ווייזט אויף א פּאָר זעק פול מיט חלות און ברויט):

אָט, דאָ. אַבגעשפּאָרט האָט די בעפעלקערונג דעם ביסען פון מויל, און אָט די צוויי זעק פול מיט חלה און ברויט אָנגע־פּאַקט.

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

דאָס איז אַלעס? (ער נעהמט די זעק): אידעל, דו לאַכסט—וועגט!

ס אָ ל ד אַ ט ע ן

(וועגען):

דרייצעהן פּוד מיט צעהן פונט.

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

וואו זיינען די איבעריגע זעק?

ר' מ ל ך:

דאָס איז אַלעס, וואָס אונזערע אָרימע לייט האָבען געקענט צוזאַמענשלעפּען.

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

דו לאַכסט, איד. זאָג שנעל, וואו האָסטו בעהאַלטען די שפּייז און פּראָדוקטען פאַר'ן פיינד.—מען האָט שוין דער־צעהלט פון אייך.

ר' מ ל ך:

דו זאָגסט נישט גוט. מיר האָבען געטריי געדיענט אונזער מלך, דעם לעצטען ביסען פון מויל אַוועקגעגעבען, א חוץ א פּאָר אָרימע לייט, וואָס האָבען קליינע קינדערלעך אין דער היים. קליינע קינדער קענען דאָך נישט איבערטראָ־גען דעם צער פון הונגער. זיי האָבען געבראַכט דעם לעצ־טען ביסען ברויט, האָב איך זיי צוריקגעשיקט.

דער פאָלקאָווניק:

ביזט דאָך מודה אַליין, האָסט אַנדערע געגעבען צו בעהאַל־טען. גאַנץ גוט, איך ווייס עס. (ער לעזט ווייטער פון פאפיער) צוואַנציג טויזענד רובעל און גאָלד, זילבער און קופער וואו זיינען זיי?

ר' מלך

(נעהמט א פעקעל):

אָט דעם פולען פאַק האָבען אונזערע אידען אָנגעפילט.

דער פאָלקאָווניק

(שיט אויס דעם פאַק, עס פאלען ארויס מעשענע לייכטערלעך א פאר, אייניגע זילבער־שטיקער, רבקה'לע'ס פעריל):

דאָס איז אַלעס? (ער הויבט אויף א פאר מעשענע לייכטערלעך) איד, דו לאַכסט. שבת־לייכטערלעך האָסטו מיר געבראַכט? און מיט דעם ווילסטו מיך אָבנאַרען?

ר' מלך:

דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב געקענט פון די שטאָדט־לייט צוזאַמענגעמען. זיי האָבען געבראַכט דאָס לעצטע שטיקעל קופער, זילבערנע בשמים־ביקסלעך, וואָס זיי האָבען בירושה געהאַט. די שטאָדט איז ניט איבריגס רייך. מיין גאָלד און זילבער האָסטו דאָך נעכטען צוגענומען, אַחוץ די שניר פעריל דאָ, וועלכע איך האָב נאָך געפונען אין מיין שטוב.

דער פאָלקאָווניק:

שווער ביי דיין גאָט, אַז דו האָסט נישט אין די לעכער, אין די קעלערס בעהאַלטען, אַז דו האָסט נישט אַנדערע געגעבען צו בעהאַלטען—וועל איך דיר גלויבען.

ר' מלך:

זיבעציג יאָהר האָב איך אָבגעלעבט און גאָט'ס נאָמען דער־מאָנט נור צום לויב, און איך וועל ווייטער נישט דערמאָ־נען גאָט'ס נאָמען נור צום לויב.

דער פאָלקאָווניק:

איז אַ סימן, אַז דו האָסט בעהאַלטען אין די די קעלערס פאַר'ן פיינד, — אַז דו ווילסט נישט שווערען ביי דיין גאָט.

מ ל כּ ה׳ ל ע

(געהט צו צו ר׳ מלכ׳ן):

דו קענסט שווערען מיט אַ רוהיג האַרץ, מיר זיינען אָרימע לייט—אַלעס האָבען מיר זיי אָבגעגעבען.

ר׳ מ ל ך:

גאָט׳ס נאָמען שטעהט העכער פון אונזער לעבען. מיר טאָ־רען נישט שווערען ביי זיין נאָמען אַפילו אויף געווים. און ווער קען זאָגען געווים, אַ חוץ ער?

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

איד, געדענק וואָס דו טהוסט, מיט דיין לעבען וועסטו מיר בעצאָהלען דערפאַר.

ר׳ מ ל ך:

מיין לעבען איז אין גאָט׳ס האַנד.

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

סאָלדאַטען, נעהמט דעם איד! (די סאָלדאַטען רינגלען אַרום ר׳ מלכ׳ן. פון טהיר בעווייזט זיך פּאַן דאָמבראָווסקי).

פּ אַ ן ד אָ מ ב ר אָ ו ו ס ק י:

פּאַני נאַטשאַלניק, דער איד האָט טאַקע אין די קעלערס פערשטעקט דאָס גאָלד און זילבער. נור ווי קומען יענע אוצרות געגען דעם אוצר, וואָס ער האָט אין זיין שטוב! דער איד האָט איין בריליאַנט, וואָס איז מעהר ווערטה פאַר אַלע זיינע פערמעגענס. זאָל ער דיר דעם בריליאַנט אָב־געבען און דו וועסט איהם שענקען דאָס איבעריגע דערפאַר.

ד ע ר פ אָ ל ק אָ ו ו נ י ק:

וואָס מיינסטו דערמיט, פּאַן?

פּ אַ ן ד אָ מ ב ר אָ ו ו ס ק י

(נעהמט די פּעריל):

דו זעהסט די פּעריל? די פּעריל האָט געטראָגען אַן אַלבאַס־טער האַלז, וואָס איז רייצענדער פאַר פּעריל. סלאָווע האָנאָרע! דו קענסט דיך פערלאָזען אויף מיר, איך בין אַ מבין אויף דעם שענעם געשלעכט. ער האָט דיר נישט די מאָס ברויט און

געלד צוגעשטעלט—מאַך מיט איהם אַ געשעפט. זאָל ער דיר די טאָכטער דערפאַר אָבגעבען און דו וועסט איהם שענקען דאָס לעבען.

דער פאָלקאָווניק.

איז זי ווערטה דעם בייט?

פאַן דאָמבראָווסקי:

קענסט דיך פערלאָזען אויף מיין געשמאַק.

דער פאָלקאָווניק

(צום איד):

נו, איד, האָסט געהערט וואָס דער פאַן פאָליאַק זאָגט, מאַכען מיר דאָס געשעפט?

ר׳ מלך

(ווערט בלייך, שוייגט לאַנג, דאַן זאָגט ער מיט אַ ציטערדיגער שטימע):

געגען ביר ביזטו שטאַרק, געוויס. וואָס בין איך? נור אַ צובראָכענער אַלטער איד. אָבער ביזטו אויך געגען איהם שטאַרק! (ווייזענדיג צום הימעל) דו בעדאַרפסט יעצט זיין הילף. דו געהסט געגען אַ פיינד. אַ שטאַרקען און אַ גרויסען פיינד דער קיסר האָט דיר אָנפערטרויט זייגע מענשען, דו זאָלסט מלחמה פיהרען פאַר איהם. איז דאָס די קראַפט, איז דאָס דער זכות, מיט וועלכען דו וועסט געהן געגען דעם פיינד מלחמה האַלטען? — דאָס, וואָס דו בעליידיגסט אַן אַלטען אידישען טאַטען און צאַפּסט זיין בלוט? — מיינסט, אַז דאָס וועט זיין דיין זכות, דיין מאַכט, מלחמה צו פיהרען געגען אַ גרויסען און שטאַרקען פיינד?

דער פאָלקאָווניק:

וואָס האָסטו געזאָגט, איד? דו האָסט געוואַגט צו צווייפלען אין אונזער זיעג? דו שרעקסט אונז מיט דעם פיינד, וואָס וועט נקמה נעהמען פאַר דיר? דו ווייסט, וואָס דאָס הייסט? פעררעטעריי, איד, און דו ווייסט, וואָס ס׳קומט פאַר דעם? (ער מאַכט זיך מיט׳ן פינגער איבער׳ן האַלז).

מלכה׳לע

(אַ דערשראָקענע):

מלך, מלך, וואָס טהוסטו, געדענק אַן גאָט!

שלמה:

ר׳ מלך, ר׳ מלך! דערצערנט ניט דעם הערר.

ר׳ מלך:

נאַראָנים, וואָס שרייט איהר? וואָס קען ער מיר טהאָן? איך האָב נור איין לעבען אוועקצוגעבען, און איך קען שטענדיג קומען פאר גאָט: „אַזוי איז געווען, משפט". (צום פאָלקאָווניק) קענסטו אויך קומען פאַר גאָט? האָסטו גאָר נישט אויף דיין געוויסען? און דו בעדאַרפסט זיין גרייט. דו געהסט אין מלחמה אַריין, געגען אַ שטאַרקען און גרויסען פיינד!

דער פאָלקאָווניק:

איך האָב קיין צייט ניט מיט דיר צו רעדען, איד. (ער געהט צו צו איהם) וואו האָסטו דיין טאָכטער?

ר׳ מלך

(שטעלט זיך אוועק פאַר דער טהיר):

אַ אידישער טאַטע גיט נור אָב זיין טאָכטער ווען מען הרג׳עט אים פריהער. (אין שטוב ווערט אַ גרויס געוויין. אידען קוקען אין די פענסטער אריין, און פון דרויסען הערט זיך אַ געוויין. דער פאָלקאָווניק בעראַטה זיך עפעס מיט׳ן פאַן דאָמבראָווסקי).

פאַן דאָמבראָווסקי

(צום פאָלקאָווניק אין דער שטיל):

פאַני נאַטשאַלניק, ווייסט, וואָס דער איד וויל? ער וויל די פעריל צוריק. עס איז איהם צו ביליג. ער וויל די פעריל צו צום טויש. — גיב איהם די פעריל, וועט ער די טאָכטער אַליין שיקען.

דער פאָלקאָווניק

(קוקט איהם אָן):

דער איד?

פאַן דאָמבראָווסקי:

עס איז אַ אידיש געשעפט. אידען מאַכען אָפט אַזעלכע געשעפטען — וואָס ווערסטו פאַר געלד ביי דעם אידען נישט קריגען?

**דער פּאָלקאָווניק**

(הויך צו ר׳ מלכ׳ן):

איך ווייס, איד, וואָס דו ווילסט. ס׳איז דיר צו ביליג. נו, דאָ האָסטו נאָך די פּעריל צו. (ער ווארפט אים די פעריל צו) און גרייט אָן די טאָכטער, איך וועל באַלד נאָך איהר מיי־בע זעלנער שיקען. סאָלדאַטען, קומט. (נעהמען די זאכען און געהען).

**פּאַן דאָמבראָווסקי**

(לאכט צו ר׳ מלכ׳ן):

אַזוי האָב איך עס נישט געמיינט, פּאַני נאַטשאַלניק. די טאָכטער זאָל ער די פּעריל אויפ׳ן האַלז אָנטהאָן, ווען ער וועט זי שיקען צו דיר. חאַ, חאַ, חאַ, פּאַניע זשידזשע. (געהט אב).

**דער פּאָלקווניק:**

זאָל ער טהאָן ווי ער וויל, נור די טאָכטער זאָל ער שיקען. (געהען אב מיט די זאכען און געלעכטער).

**פּאָרהאַנג.**

# דריטער אַקט:

דאָס זעלבע צימער—ווי אין צווייטען (די מלך,
רבקה'לע, מלכה, דוד זיצט אין א ווינקעל פער־
שטעלט דאָס פנים מיט די הענד).

ר׳ מלך

(רבקה׳לע)

אַ גרויסע און ערנסטע צייט איז פאַרן אידען יעצט אויפגע־שטאַנען. איך האָב געמיינט, אַז גאָט וויל מיך נחת לאָזען דערלעבען דורך דיר אויף מיינע אַלטע טעג. ער האָט אַנ־דערש געמיינט. אידישע טעכטער זיינען שטענדיג בּרייט געווען צו קומען פאַר גאָט בקדושה ובטהרה אין יעדען דור. ווער ווייסט? אפשר שיקט גאָט אויף דיר אַ נסיון, מיין קינד, ביזטו, טאָכטער, בּרייט אָנצונעהמען דעם נסיון? גאָט נעהמט נור צו דאָס ריינע הארץ. קיין בּעהאַלטענעם געדאַנק. ווערסטו נישט רחמנות האָבּען אויף דיינע יונגע טעג?

מלכּה׳לע

(וועלכע איז די גאַנצע צייט האַלב פער׳חלש׳ט געווען אין אַ ווינקעל, רייסט זיך אויף):

מלך, וואָס זאָגסטו? וואָס מיינסטו?

ר׳ מלך

(בּערוהיגט זי):

די סכּנה איז נאָך נישט פאַר די אויגען, מלכּה׳לע. און כּל זמן דער חלף ליגט נישט אויפ׳ן האַלז, האָבּען מיר נישט קיין רשות אַליין עס אַרויף צו לעגען. ווער ווייסט, אפשר זיינען מיר גאָר נישט ראוי דערצו. (אַ לאַנגע פּויזע). און ווער ווייסט, אפשר וויל ער גאָר נישט דעם נסיון. מלכּה׳לע, עס איז דאָך היינט בּיי רבקה׳לען אַ הייליגער טאָג, דער טאָג פון איהר חופּה, טהו זי אָן אין דער בּאָבּע יענטע׳לעס מלבּושים. שיט איהר אַש אויפ׳ן קאָפּ. מאַך איהר דאָס פּנים מיאוס, אפשר וועט גאָט טהאָן אַ נס און זיי וועלען זי נישט דערקענען אין דער הייליגער בּאָבּע יענטע׳לעס מלבּושים.

מלכּה׳לע

(לויפט שנעל צו צו אַ קאַסטען, נעהמט פון דאָרט ארויס אַלט־מאָדישע קליידער):

קום, מיין קינד, שנעל. (זעצט זי אַוועק נעבּען זיך. טהוט איהר אָן די קליידער) דו בּיזט אַזוי שען, מיין טאָכטער. דער חסד חן

ליעגט אויף דיר אויסגעגאָסען. פאַר וואָס ביסטו אַזוי שען, מיין טאָכטער? פאַר וואָס האָט דיך גאָט נישט מיאוס געמאַכט? דאָס אַלעס האָט ער דיר געשאָנקען, אַז דו זאָלסט אין מענשענ׳ס אויגען איידעלקייט און חן דערוועקען, מיט דיינע כשר׳ע אידישע אויגען, וואָס וואָרקען ווי ביי אַ טויב מיט ליעבשאַפט. היינט, אַז דו וועקסט מיט דיין שענקייט אין מענשען שלעכטע געדאַנקען אויך, זאָל גאָט פון דיר דיין שענקייט צונעהמען. נישט אמת, רבקה׳לע? ביסטו בּרייט גאָט דיין שענקייט צוריקצוגעבען?

**רבקה׳לע:**

יאָ, מאַמע, האַרציגע. יאָ, מאַמע, געטרייע.

**מלכה׳לע:**

אָט אַזוי, ביסטו אין דער באָבע יענטע׳לעס קליידער, ביסט אַן אַלט ווייב, מיין טאָכטער. נור די האָר דיינע, (זי צולאָזט זיי און קושט זיי) זיי זיינען אַזוי שוואַרץ. אַזאַ חן, אָהן עין־הרע, און צו וואָס? ליעבער וואָלטען זיי גרוי געווען, קאָדלעס, אַז זיי זאָלען מענשענ׳ס אויגען נישט אַזוי אויפרייצען.— וואַרט, טאָכטער, אָט איז דער באָבע יענטעל׳ס הויב, איך וועל זיי בעהאַלטען הינטער דער הויב. (טהוט איהר אָן די הויב און בעהאַלט איהר די האָר הינטער דער הויב. קוקט זי אָן). רבקה׳לע, רבקה׳לע, ביסט דאָך אַן אַלטע ווייב!

**מלכה׳לע:**

מלך, איך האָב אָנגעטהאָן אונזער טאָכטער אין דער באָבע יענטע׳לעס קליידער.

**ר׳ מלך:**

און איך וועל איהר אָנטהאָן דער באָבע יענטעלע׳ס פּערילי (ער זוכט די פּעריל און געפינט זיי אויף דר׳ערד). די פּעריל, מיט וועלכע מען האָט דיך פערשעהמט, מיין טאָכטער, און מיין בלוט געצאַפּט פאַר גאָט. ווייסטו, פאַר וואָס די פּעריל זיינען הייליג? די באָבע יענטע׳לע האָט אויף זיי אַ חלף געטראָגען. (ער נעהמט אַרויס אַ צוגעמאַכטען חלף). אָט דעם חלף האָט די באָבע יענטע׳לע געטראָגען אויף די פּעריל. אַ שלעכטע צייט איז דענסטמאָל ביי אידען געווען

אידישע טעכטער אין סכנות, האָט די באָבע יענטע׳לע אַ חלף אָנגעטהאָן אויף איהרע פעריל, אַז זי זאָל קענען יעדען אויגענבליק פאַר גאָט אין ריינקייט קומען, בקדושה ובטהרה. די מענשען האָבען נור די פעריל געזעהן, דער חלף איז ביי איהר געווען פערשטעקט—און די פעריל מיט'ן חלף טהו איך דיר אָן, מיין טאָכטער. (ער טהוט איהר אָן די פעריל).

מלכה׳לע

(דערשראָקען):

מלך!

ר׳ מלך:

קיין איין מינוט נישט פריהער, רבקה׳לע, אונזער לעבען איז נישט אין אונזער רשות, נור ווען דו וועסט זעהן, אַז די סכנה איז נאָהענט, אַז גאָט וויל דיין קרבן, זאָלסטו געדענקען, אַז אויף דיינע פעריל הענגט אַ חלף, און דו זאָלסט קומען פאַר גאָט בקדושה ובטהרה. זאָגסט מיר צו, מיין טאָכטער?

רבקה׳לע:

יאָ, טאַטע. איך וועל קומען פאַר גאָט בקדושה ובטהרה.

ר׳ מלך:

בין איך רוהיג. (ער קושט איהר אויפ'ן קאָפּ) געה, מלכה׳לע, געה בענטש דיין טאָכטער פאַר דער חופה, עס ווערט שפעט. איך האָב מורא, זיי וועלן באַלד קומען צו געהן.

מלכה׳לע

(געהט צו און לעגט ארויף די הענד אויף איהר קאָפּ): נעהם צו מיין קרבן, וואָס איך ברענג דיר מיט מיינע אייגענע הענד פאַר דיין ליעבען נאָמען. יעצט בין איך ווי אברהם אבינו, און ווען יצחק איז געווען אַן איין-און-איינציקער, איז דאָך מיין טאָכטער אויך אַן איין-און-איינציגע. (זי פאַלט אויף דער טאָכטער׳ס קאָפּ און וויינט).

ר׳ מלך:

מלכה׳לע, ס׳איז נישט שען צו קומען צו גאָט אין בית-המקדש אַריין מיט'ן קרבן אין דער האַנד און וויינען.

מלכּה׳לע:

עס איז פּאַר פרייד, מלך. עס איז דאָך ביי מיר חתונה הייגט. איך גיב דאָך מיין טאָכטער אויס, בקדושה ובטהרה.

(זי פאַלט ווידער אויף רבקה׳לעס קאָפּ און וויינט).

רבקה׳לע:

מאַמע, דו האָסט מיר שטענדיג געזאָגט, אַז ווען מען קומט פאַר גאָט, בעדאַרף מען קומען מיט אַ פרעהליך האַרץ, פאַר וואָס מאַכסטו מיך טרויריג, מאַמע, בעפאָר איך געה צו גאָט?

מלכּה׳לע:

ס׳איז פאַר פרייד, מיין קינד. (כאַפּט זיך אויף) דוד׳ל, דוד׳ל, דו ביסט דאָך אויך מיין קינד, דיר איז דאָך שווערער פאַר אונז אַלעמען.

ר׳ מלך:

דוד טראָגט דעם נסיון ווי אַ איד

דוד׳ל

(מיט טרעהרען אין די אויגען):

איך שווייג, איך זאָג גאָר נישט.

מלכּה׳לע:

געזעגען דיך, דוד׳ל, מיט דיין כּלה, עס איז געקומען די צייט.

ר׳ מלך:

יאָ, צו וואָס זאָלסטו צוזעהן דעם צער, געה אין בית־המדרש אַריין, בעט צו גאָט מיט דיין צובראָכען האַרץ, אפשר וועט ער דיך הערען.

דוד׳ל:

שווער, ווי אזוי קען איך יעצט אַוועקגעהן? איך וועל נישט אַוועקגעהן.

ר׳ מל׳ך:

עס איז גלייכער אזוי. געזעגען דיך מיט רבקה׳לען.

מלכּה׳לע:

רבקה׳לע, געזעגען דיך מיט דיין חתן.

רבקה׳לע

(האַלב פערשעהמט):

דוד׳ל.

דוד׳ל:

רבקה׳לע! (קוקען זיך אין די אויגען).

ר׳ מלך:

דוד, זיי אַ איד.

מלכּה׳לע:

לאָז איהם וויינען, לאָז איהם וויינען.

ר׳ מלך:

גיי, דוד, אין בית־המדרש — דו וועסט נישט געהן מיט דעם כּוח, וואָס זיי, דוד, דו ביסט אַ איד. דו וועסט נישט זיין קיין אובד עצמו לדעת, דוד, געדענק! (דוד אַב)

שלמה

(פאַלט אריין):

מלכּה׳לע, ר׳ מלך, געדענקט אָן גאָט, בעהאַלט רבקה׳לען, זיי געהען, זיי געהען.

מלכּה׳לע

(נעהמט רבקה׳לען):

זעץ דיך אַוועק מיט מיר, טאָכטער. (זעצען זיך ביידע אַוועק, זאָקען שטריקען. ר׳ מלך זעצט זיך ביים טיש, נעהמט אַ סידור און זאָגט מיט אַ צובראָכען הארץ תהלים). „אשרי האיש אשר לא הלך"...

שלמה

קוקט אויף רבקה׳לען):

ווער איז דאָס? איך דערקען דאָך זי גאָר נישט. (מיט שרעק) די הייליגע רביצין יענטע׳לע איז פון קבר אויפגעשטאַנען! (קיינער ענטפערט איהם נישט אַב. עס קומען אריין פיער סאָלדאַטען מיט אַן עלטסטען. דער עלטסטער האַלט אַ פּאַפּיער אין דער האנד, קוקען זיך אין דער שטוב אום, דערזעהען די צוויי ווייבער, ציהען די אַקסלען אויף. דער עלטסטער לייענט פון׳ם פּאַפּיער): אַ יונג אידיש מיידעל, מיט שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן, אַכטצעהן יאָהר אַלט, אין פּעריל אָנגעטהאָן. (קוקט זיך איין צו מלכּה׳לען) די איז עס נישט. (געהט צו צו רבקה׳לען) די טראָגט, אמת, פּעריל, נור אַכטצעהן יאָהר איז זי נישט אַלט.

שלמה
(אין שרעק, מיט שפּאַט):

אַהאַ, אַהאַ, איך מיין, ווען מיין זיידע איז נאָך אַ קליין אינגעל געווען, איז זי שוין עלטער געווען פון אַכטצעהן יאָהר.

עלטסטער
(צו שלמה'ן):

זאָג, איד, וועלכע פון זיי איז עלטער?

שלמה:

איינע פון זיי איז מיין באָבע'ס מאַמע געווען, און די אַנדערע איהר מוהמע.

עלטסטער:

מיין קאָמאַנדיר האָט דאָך ביי אייך געזעהן אַן אַכטצעהן יעהריג מיידעל, נאָך וועלכער ער האָט מיך געשיקט.

שלמה:

אייער קאָמאַנדיר איז אַוודאי שיכּור'לעך געווען און אַז עס איז ווארים אין קאָפּ, ווייסט איר דאָך. —

עלטסטער:

עס וואָלט אַ יושר געווען, אַז מען זאָל איהם די צוויי אַלטע ווייבער צום באַל ברענגען. כ'לעבן, ער האָט זיי עהרליך פערדיענט. יעדענפאַלס, אונזער בעפעהל מוז מען אויס-פיהרען. זאָג, איד, וועלכע פון זיי איז די מאַמע און וועלכע די טאָכטער?

שלמה:

אָט די (ער ווייזט אויף מלכּה'לען) איז די מאַמע און די (אויף רבקה'לען) איז די באָבע יענטע'לע.

עלטסטער
(קוקט זיך איין צו מלכּה'לען):

ווי אַ מאַמע זעהט די אויס, נור די, ווי אַ באָבע, עפּעס נישט. דאַכט זיך אויגען האָט זי שוואַרצע, אַ פּנים אַ יונגס און אַן אַלטקייט וועהעט עפּעס דערפון. נור קיין אַכטצעהן יאָהר איז זי נישט אַלט — קאַמעראַדען, קומט, מיר וועלען

אין די קעלערס זוכען. דאָ בלייבן צוויי — איהר זאָלט די
ווייבער היטען. (ער לאָזט איבער צוויי סאָלדאטען) איד, ווייז,
וואו דער קעלער איז.

ש ל מ ה :

דאָ, קומט מיט מיר. (ער פיהרט זיי אין קעלער אראָב).

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט :

די באָבע געפעלט מיר נישט. (קוקט איהר אין די אויגען אריין).
אַ פנים האָט דאָס ווי אַ יונג קינד, אויגעלאַך ווי די טייבע-
לעך, און אָנגעטהאָן איז דאָס ווי אַן אַלטע באָבע.

צ ו ו י י ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט :

געה, נאַר, ווייבער, אַז זיי קומען אויף דער עלטער, ווערען
זיי צוריק ווי קינדער. די אויגען ווערען ביי זיי מילד ווי
ביי קליינע קינדערלעך און די שנאָבעלעך מיט די גאָמבע-
לעך, ווי ביי איין-יעהריגע.

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט :

דו האָסט רעכט, האָב איך אַ באָבע אין דער היים, וויעגט
זי מיין קינד—קוק איך זי אַמאָל אָן, דאַכט זיך מיר, אַז
עס איז מיין וואַסילעס פנים. (צו רבקה׳לען) זאָג, באָבעלע, אַ סך
קינדערלעך האָסטו שוין אין דיין לעבען אויסגעוויעגט?

ר ב ק ה׳ ל ע

(הערט נישט, זאָגט ווי אַן אַלטע אידענע):

וואָס... וואָס... (צו דער מוטער) מאַמע׳לע, מאַמע׳לע, וואָס זאָ-
גען זיי... ניין, די צייהן זיינען ביי מיר אַלט... שווער ברויט
צו קייען.

צ ו ו י י ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט :

וואָס האָסטו דיך אַוועקגעשטעלט ביי דער באָבע׳ן, זעהסט,
אַז זי איז בלינד אויף די אויגען און טויב אויף די אויע-
רען, הערט נישט און זעהט נישט.

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט :

לאָז אָב, עס איז גוט מיט אַן אַלטער באָבע׳ן דאָס האַרץ
אויסצורעדען זיך. קוק איך אויף איהר, מיין איך, אַז איך
בין אין דער היים, ביי אונז אויפ׳ן דאָרף, און מיין אַלטע
באָבע, וואָס האָט נאָך נאַפּאָלעאָנען פון דאָרף מיט אַ פּאַנ-

טאָפּעל געיאָגט, זיצט אונטער'ן אויוועז און דאָס קינד מיט דער קאַץ שפּיעלען זיך ביי איהר צו פוסענס, און זי בעט זיך עפּעס מיט די אָהן־צייהניגע יאַסלען, אַז איך זאָל זי אין דרויסען פיהרען, אויף דער זון וואַרעמען. (צו רבקה'לען) וואָס ווילסטו, באָבע'לע? אַז איך זאָל דיך אין דרויסען פיה־רען, אין דער זון דיך אַוועקזעצען? אַ שענער טאָג, וואָס?

**רבקה'לע:**

וואָס זאָגען זיי, מאַמע'לע? (צום סאָלדאַט) ביין, מיין אייניקעל, נישט גוט אויף דער עלטער צו קומען, די ביינער ברעכען, עס ווילט זיך רוהען. (די סאָלדאַטען לאַכען גוטמוטהיג).

**צווייטער סאָלדאַט:**

גו, קום אַוועק, וואָס האָסטו דיך צוגעטשעפּעט, זעהסט, זי האָט מורא פאַר דיר.

**ערשטער סאָלדאַט:**

לאָז געמאַך, עס דערמאָנט זיך אָן אַלטע צייטען. (צו רבקה'לען) ווילסט עסען? יאָ? (ער וויל איהר ברויט געבען).

**רבקה'לע:**

דעם אויוועז אונטערהייצען, יאָ, מיין קינד, עס ברעכט אין די ביינער. עלטער איז קיין געלעכטער. (די סאָלדאַטען לאַכען. עס קומען צוריק אריין דער עלטסטער מיט די צווי סאָלדאַטען און שלמה)

**עלטסטער:**

דער טייוועל ווייסט, וואו די אידענע האָט די טאָכטער בע־האַלטען! דורכגעזוכט דאָס גאַנצע הויז, סיידען זיי האָבען זי ערגעץ אונטער די ספּאָדניצעס בעהאַלטען אָדער די באָ־בע איז די טאָכטער.

**ערשטער סאָלדאַט:**

זי איז אַן אַלטע באָבע, האָבען מיר דאָ מיט איהר שפּאַס געהאַט.

**צווייטער סאָלדאַט:**

הערט נישט און זעהט נישט—גיט מען איהר ברויט, מיינט זי אַ וואַרעמען אויוועז.

עלטסטער:

דאָס אונזעריגע אָבגעטהאָן, זאָל ער אַליין קומען זי זוכען (ער לעזט פון פּאַפּיער) אַ יונג מיידעל, אַכטצעהן יאָהר אַלט, מיט שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגען—אַזעלכע ניט גע-פונען. דעם פּראָטאָקאָל אונטערגעשריבען. (שרייבט אונטער דעם פּראָטאָקאָל. קאָמאַנדעוועט) קאַמעראַדען, גלייך געשטעלט. (זיי שטעלען זיך גלייך) איינס, צוויי, דריי, געגאַנגען. (די סאָלדאַטען לאָזען זיך געהן).

ערשטער סאָלדאַט:

האָט מיר אַ גוטע נאַכט, באָבע לעבען, און חלום'ט פון יונגע יאָהרען.

צווייטער סאָלדאַט:

ווען איהר זיינט אַ יונג מיידעל געווען און די בחורים אין די פעלדער נאָכגעלאָפען. (געהען אַב).

מלכה'לע

(הויבט אויף די הענד צום הימעל):

ווי דאַנק איך דיר, רבונו של עולם, פאַר דעם חסד. דאָס האָט זיך די באָבע יענטע'לע געמיהט, אז זיי זאָלען זי נישט דערקענען.

ר' מלך:

און זעהסטו, מיין ווייב, האָט גאָט גאָר נישט געוואָלט צו-נעהמען אונזער קרבן. נור עס מאַכט נישט, טאָכטער, קוים, האָסטו דיין הארץ געשענקט, איז בעגליכען ווי דו וואָלסט דעם קרבן געבראַכט.

שלמה:

רבקה'לע, ווי האָסטו דיך געקענט אַזוי פערשטעלען און נאָכמאַכען אַן אַלטע אידענע? איך האָב דאָך געמיינט, אַז דו ביסט אַן אַלטע אידענע.

רבקה'לע

(רעדט ווייטער ווי אַן אַלטע פרוי):

איך ווייס נישט. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין שוין אַזוי אַלט ווי אַן אַלטע פרוי. איך בין דאָך אויף דער עלטער געקומען.

מלכה׳לע
(דערשראָקען):

וואָס רעדסטו, טאָכטער, ביסט דאָך נאָך אַ יונג מיידעל. דאָס האָב איך דאָך דיך נור אָנגעטהאָן אין דער באָבע יענטע־לע׳ס קליידער, כדי זיי זאָלען דיך ניט דערקענען.

רבקה׳לע:

מיר דאַכט זיך, מאַמע, אַז די קליידער פּאַסען מיר, אַז איך האָב זיי שטענדיג געטראָגען. איך בין דאָך אַן אַלטע פרוי

מלכה׳לע:

וואָס רעדסטו, דיינע האָר זיינען דאָך נאָך שוואַרץ, איך האָב דאָך נור אַן אַלטע הויב דיר אָנגעטהאָן. קום, טאָכטער, איך וועל דיר די הויב אויסטהאָן און דו וועסט באַלד ווי־דער אַ יונג מיידעל ווערען. (מיט א דערשראָקען הארץ) דאָס קינד שרעקט מיך.

שלמה:

טהוט דאָס נישט, מלכה׳לע, זיי קענען נאָך באַלד ווידער צוריקקומען.

מלכה׳לע:

וואָס רעדסטו, וואָס שרעקסטו מיך איבער, זיי האָבען דאָך שוין געזוכט, זי איז דאָך ניט געווען.

רבקה׳לע:

האָב נישט קיין מורא, מאַמע, איך בין דאָך שוין אַן אַל־טע פרוי. עס איז מיר, ווי איך וואָלט שוין הונדערט יאָהר געלעבט. מיין האַרץ איז מיר אַזוי שווער, און דער רוקען ברעכט מיר. איך וויל אַ שטעקען. די אויגען זיינען מיר טונקעל, איך זעה נישט — עס איז מיר אַזוי, ווי איך וואָלט שוין אַזוי אַלט געווען.

מלכה׳לע
(מיט שרעק):

וואָס רעדסטו, מיין קינד? דו וועסט זעהן, מיט גאָט׳ס הילף, מיר וועלען דורכקומען די שלעכטע צייטען. גאָט זאָל אונז נור כוח געבען. גיב מיר דיין קאָפּ, וועסט זעהן, אָט באַלד וועסטו ווערען צוריק יונג, רבקה׳לע, שרעק דיך נישט,

שרעק דיך נישט, מיין קינד. (זי טחוט איהר אויס די הויב און די האָר זיינען גרוי) וואָס איז דאָס? (מיט שרעק) מלך, מלך! זעה, די האָר, די האָר זיינען גרוי! זי איז גרוי געוואָרען אונטער דער הויב!

ר׳ מלך

(בעטראַכט זי):

זי איז פאַר שרעק גרוי געוואָרען, מיין קינד.

מלכה׳לע

(פאַלט אויף איהר טאָכטער און הויבט זי אָן שרעקליך צו קושען מיט גרויסע טרעהרען):

מיין קינד, מיין כלה־מיידעל, אַן אַלט ווייב, טאַטע, פאַר וואָס? מלך, מלך, זעה, וואָס זיי האָבען אויס דעם קינד געמאַכט. אַן אַלט ווייב.

ר׳ מלך

(געהט צו צו איהר און לעגט דעם קאָפּ אַרויף אויף איהר):

גאָט האָט דיר די שענקייט צוגענומען און די ריינקייט געשאָנקען. די גרעסטע מתנה פון גאָט. קיינער וועט איהר שוין נישט קענען טהאָן קיין שלעכטס. ריין און הייליג איז מיין קינד. (ער קושט איהר דעם קאָפּ). מיין טאָכטער, מיין ריי־נע. אַ מיידעל פון אונזער משפחה האָט נור איינמאָל אין לעבען געטראָגען די באָבע יענטעל׳ס פעריל, ווען זי איז אַ כלה געווען, דו ביסט ווערט, אַז דו זאָלסט שטענדיק טראָגען די פעריל. קום, מיין טאָכטער, פרום ביסטו ווי די באָבע יענטע׳לע. זעץ דיך דאָ, נעבען מיר ביים טיש, די ספרים זאָלען ליגען אַרום דיר, ווי זיי זיינען געווען אַרום דער באָבע יענטע׳לע. (ער פערשפרייט ספרים אַרום איהר) ביסט אַזוי הייליג, ווי זי, און דו זאָלסט אומגעהן מיט די ספרים, ווי זי. זעץ דיך, מיין טאָכטער. (ער זעצט זי אַוועק).

דוד׳ל

(קומט אַריינצולויפען מיט פריידן):

רבקה׳לע, רבקה׳לע, זיי האָבן דיר גאָר נישט געטאָהן, גע־לויבט איז גאָט. (ער קוקט זיך אום, ווי ער וואָלט זי געזוכט).

מ ל כ ה ׳ ל ע

(שווייגט און וויינט).

ר׳ מ ל ך

(ווייזט אויף רבקה׳לען):

דאָס איז רבקה׳לע

ד ו ד ׳ ל:

וואָס? (ער געהט צו צו איהר). רבקה׳לע, מיין כלה, ניין, ניין, ניין...

ר׳ מ ל ך:

דיין כלה איז אַ כשר׳ע אידישע טאָכטער.

ד ו ד ׳ ל:

מיין רבקה׳לע...

ר ב ק ה ׳ ל ע:

איך ווייס נישט, וואָס דו זאָגסט, איך בין אַן אַלט ווייב. (פון דרויסען הערען זיך טריט).

ר׳ מ ל ך:

רבקה׳לע, יעצט מעגען זיי קומען.

מ ל כ ה ׳ ל ע:

וואָס ווילען זיי נאָך פון מיין קינד — זיי האָבן זי דאָך שוין גע׳הרג׳עט?

ר׳ מ ל ך:

יעצט קענסטו רוהיג זיין, מיין ווייב. די סכנה איז שוין פאַרביי. (עס קומט אריין דער קאָמאַנדיר, הינטער איהם פאָן דאָמבראָווסקי מיט די פריהעריגע זעלנער).

ד ע ר ק אָ מ אַ נ ד י ר

(בייז):

שוין דאָס צווייטע מאָל נאַרסטו מיך אָב, איד, זאָג, וואו האָסטו דיין טאָכטער?

ר׳ מ ל ך

(ווייזט אויף רבקה׳לען, וועלכע זיצט מיט גרויע האָר ביי די ספרים):

דאָס איז מיין טאָכטער, הערר קאָמאַנדיר.

דער קאָמאַנדיר
(קוקט זי אַן פּערוואונדערט):
דאָס? דאָס איז דאָך אַן אַלטע באָבע. — הע, פּאַן, וואָס איז דאָס?

פּאַן דאָמבראָווסקי
(לאַכט):
אַהאַ, דער איד האָט זי פּאַרשטעלט, האָט איהר אַש אויפ'ן קאָפּ געשאָטן און אַלטע קליידער אָנגעטהאָן, געמיינט, מען וועט זי נישט דערקענען. — שענקייט לייכט פון הינטער אַש אַפּויר, אָט וועל איך איהר באַלד דעם קאָפּ אָבוואַ־שען, פון פנים די בלאָטע אָבווישען און אונטער מיינע הענד וועט איהר יונג האַרץ ווידער אָנהויבען קלאַפּען. די פּאַנענקע איז דאָך אַ יונג, שען מיידעל. איך קען דאָך זי.
(ער פּרובט צו געהן צו איהר, בלייבט אָבער פון דערווייטענס שטעהן)
וואָס גלאַנצט דאָס אויף איהר, ניבאָ טאָ איז עס יאָ זי, ניבאָ טאָ נישט. (ער געהט נאָך אַ מאָל צו צו איהר, בלייבט אָבער פון דערווייטענס שטעהן) זי, — ניין אַן אַלט ווייב. דער איד האָט איר כישוף אָנגעטהאָן. פּאַני באַטשאַלניק, דער איד האָט אויס איהר אַן אַלט ווייב געמאַכט.

דער קאָמאַנדיר:
אָ, פּאַני פּאָליאַק, איך קען מיך אויף די זאַכען. האָסט מיט דעם איד שותּפות געמאַכט, די פּעריל אויסגענאַרט — סאָלדאַטען, נעהמט דעם פּאַן. (סאָלדאַטען רינגלען ארום פּאַן דאַמבראָווסקי).

פּאַן דאָמבראָווסקי:
פּאַני באַטשאַלניק, וואָס רעדסטו, סלאָווע האָנאָרע, ווי איך בין אַ פּאָליאַק — דער איד האָט איהר כשוף אָנגעטהאָן, זי איז דאָך אַ יונג מיידל געווען, — סלאָווע האָנאָרע.

דער קאָמאַנדיר:
עס איז אַ יונג מיידעל געווען און מיט אַ מאָל אַלט געוואָרען? אויס וועמען מאַכסטו דאָס געלעכטער, פּאַן? האָסט פון קאַזנאַטשייסטווע געלד אויסגענאַרט, מיט די אידען שותּפות

געמאַכט, אויס אַ פּאָלקאָווניק דאָס געלעכטער געמאַכט, ווי האָסטו געוואַגט? טייער ווערסטו מיר באַצאָלען דערפאַר.— פיהרט איהם אַוועק, דעם פּאַן. (די סאָלדאַטען פיהרען איהם ארויס). און דו, איד, נעהם צונויף דיינע אידעלעך, אין צוועלף שעה אַרום זאָל זיך מיר קיין איד אין שטאָדט נישט געפינען. דו הערסט? יעדער איד, וואָס וועט אין שטאָדט איבערבלייבען, וועט פון מיר מיט'ן טויט אַוועק־געהן. סאָלדאַטען, קומט — איהר זאָלט מיר בעצאָהלען דערפאַר. (אָב מיט די סאָלדאַטען).

ר' מלך

(הויבט אויף די הענד):

וואָס קענסטו מיר טהאָן, אז גאָט האָט מיר געהאָלפען און מיין טאָכטער איז אַ כשר אידיש קינד געבליבען. קומט, מיינע קינדער, קומט! (ער נעהמט די חתן־כלה פאר די הענד): לאָמיר דאַנקען און לויבען גאָט פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט געטהאָן מיט אונז.

פארהאנג.

# פיערטער אַקט.

אַ ברייטער וועג, בעזעצט מיט טאָפּאָלען, נאכט. פעלדער אַרום. פון די פעלדער הערט זיך פון צייט צו צייט אַ באראַבאַן, אַ זעלנערישע טראָמפּייט בלאָזט צו אַטאַקע. אידען קומען אָן מיט טאָלקאַצען אין די הענד. צו ערשט איינצעלנע, ווי זיי וואָלטען זיך דורכגעשלייכט, האלטן ליכטלעך אין די הענד און באַלויכטען זיך דעם וועג.

עטלעכע אידען

(רופען מיט א פערשטיקטער שטימע):

דאָ געהט, דאָ קומט, פּאַמעליך, פּאַמעליך, בויגט אַראָב די קעפּ.

אַנדערע:

דער וועג איז אין סכנה, וואו געהט איר?

נאָך איינער:

בעהאַלט די יונגע קינדער.

ערשטער:

זעהט, זיי זאָלען נישט שרייען, מיר קענען, חלילה, נאָך אַלע אומגליקליך ווערען.

צווייטער:

פערשטעלט זיי מיט העגד די מיילער.

די ווייבער

(קומען אָן, מיט פּעקלעך):

טאַטע אין הימעל, העלף, העלף! (אַ פּאָר יונגע לייט שלעפּען אַ וואַגען, אויף דעם וואָגען געפינען זיך ווייבער און קינדער. נאָכ׳ן וואַגען געהט נאָך ר׳ מלך, אַלט און קראַנק, קוים וואָס ער שלעפּט זיך אויף די פיס, אָנגעלעהנט מיט איין האַנד אויף שלמ׳הס אַקסעל, די צווייטע אויף מלכה׳לעס. הינטער איהם די טאָכטער רבקה׳לע, אין שווארצען אָנגעטהאָן, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צו דר׳ערד. איינער פון זיי האַלט אַ ספר תורה אין אַ טלית איינגעהילט. ר׳ מלך בלייבט שטעהן, ער לאָזט זיך שוואַך אַרונטער אויף די פיס).

שלמה

(רופט):

עולם, עולם, האַלט אַ מינוט. ר׳ מלך קען נישט ווייטער געהן. (דער עולם האַלט זיך צוריק, זאַמלען זיך אַרום ר׳ מלכ׳ן און פרעגען אין שרעק): וואָס איז געשעהן?

ר׳ מלך

(רופט מיט די לעצטע קרעפטען):

אידען, וואָס טהוט איהר? געהט, געהט — דער וועג איז אין סכנה.

ד ו ד י ל
(רופט):
דעם וואָגען גיט אהער! ר׳ מלך איז שוואַך, ער קען ווײַ־
טער ניט געהן.

א י י נ ע ר:
לאָזען די ווייבער אַראָבגעהן פון וואָגען, די טויטע מיט
די קליינע קינדער קען מען דאָך ניט ריהרען.

נ אָ ך א י י נ ע ר:
יאָ, די ווייבער זאָלען אַראָבגעהן, מאַכט פּלאַץ פאַר
ר׳ מלכ׳ן.

ר׳ מ ל ך:
שלמה, וואָס טהוסטו? ניין, אידען, ניין. די פרויען זיינען
קראַנק, די קינדער זיינען שוואַך, איך בין נאָך, גאָט צו
דאַנקען... (ער וויל זיך אויפהויבען פון דר׳ערד און קען נישט).

א י י נ י ג ע:
לאָז מען זיך דאָ אַ ווײַלע אָבשטעלען אָברוהען, ביז ר׳ מלכ׳ן
וועט בעסער ווערען.

אַ נ ד ע ר ע:
סיי ווי סיי זיינען די ווייבער מיד. אידען, לאָמיר דאָ
אַ ווײַלע אָברוהען. די קינדער קענען נישט געהן אַזוי
פיעל. (זעצן זיך אַלע אויפן וועג).

ע ר ש ט ע ר ב ע ל ־ ה ב י ת:
פאַר וואָס שטראָפט אונז גאָט אַזוי? פאַר וואָס? פאַר וואָס?
(ער ברעכט זיך די הענד, אַלע שווייגען).

א י י נ ע ר:
ער איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט.

אַ ש ט י מ ע:
ווער ווייסט, אויב עס זעהט ווער אונזערע יסורים, ווער
ווייסט, אויב עס הערט זיי ווער, אויב עס איז דאָ אַ האַנד,
וואָס צעהלט זיי; ווער קען זאָגען?

אַ אידענע:

אידען, וואָס רעדט איהר, חלילה? עס מוז דאָך עפּעס זיין אַ טעם אין אונזערע יסורים, אַז נישט, חלילה, צו וואָס? צו ווען?

אַן אַנדערע:

ווער קען זאָגען אויף געוויס?

די אידענע:

געוואַלד, אידען, וואָס רעדט איהר? מען קען דאָך משוגע ווערען. (פּויזע).

אַ פרומער:

לעסטערט גאָט! דערצאָרנט איהם! — ס׳איז אייך נאָך ווייניג?

אַ יונגער מאַן:

אפשר איז גלייכער אַזוי, ווי איוב. ס׳איז דאָך בעסער דער טויט, איידער די שאַנד.

ר׳ מלך

(שטאַרקט זיך):

קלאָגט, קליינע אידען, קלאָגט, וואָס גאָט האָט אייך אידען בעשאַפען. (ער הויבט אויף די הענד צום הימעל). איך דאַנק און לויב דיר, גאָט, פאַר די יסורים, וואָס מיר ליידען, דערפאַר וואָס מיר געהען אין דיין וועג. דאָס איז די גרויסע מתּנה, וואָס דו האָסט אונז געשאָנקען, אַז מיר זאָלען טראָגען דעם צער פון דער וועלט, דערפאַר וואָס זי איז נאָך ניט צוגעקומען צו דעם שלמות, ווי דו האָסט געוואָלט. אין אונז שיקען די פעלקער זייערע פיילען, אויס כּעס, וואָס דו פיהרסט זיי ביד חזקה אויף דעם גערעכטען וועג, צו דעם אמת׳ן ציעל. קלאָגט, קליינע, וואַכענדיגע אידען! איהר האָט פערגעסן דעם טעם דערפון. בעל כּרחכם וועט ער אייך נויטען, אידען צו זיין. איר זייט נישט אַליין, איר זייט נור אַ רינג אין דער קייט. מיר אַלטע אידען, מיר פרומע אידען, מיר פיהלען דעם חסד, וואָס גאָט טהוט מיט אונז. מיר האָבען זיך בעדאַרפט אָננעהמען ביי די הענד און טאַנצען פאַר איהם אַ טאַנץ און זינגען צו איהם אַ לויב,

וואָס ער האָט אונז בעשאַפן אידען. שוין, יעצט, איך מיטען ברען פון אונזערע יסורים און צרות — האָבען מיר בעדאַרפט זינגען און טאַנצען. (דער וואָגען הויבט זיך אָן צו באַוועגען, די אידען געהען מיט. ר' מלך פרובט מיטגעהן, מאַכט אייניגע טריט, בלייבט ווידער שטעהן).

**דודיל און שלמה:**

שטעהט, נעהמט ר' מלכ'ן אויף דער פוהר אַרויף. ר' מלך איז ניט געזונד.

**אייניגע אידען**

(געהען צו צו איהם):

קומט, ר' מלך, אויף דער פוהר אַרויף, שנעל. (רופען) ברענגט דעם וואָגען!

**ר' מלך:**

אידען, געהט, געהט — איך וועל שוין בלייבען אויפ'ן וועג, איך בין סיי ווי סיי אַן אַלטער, שוואַכער מאַן, זאָט מיט טעג.

**מלכה'לע:**

מלך, וואָס רעדסטו?

**שלמה און די אידען:**

ר' מלך, וואָס רעדט איר? ס'איז דאָך סכנות נפשות. — דעם וואָגען אַהער, ווייבער אַראָב, לאָזט ר' מלכ'ן אַרויף!

**ר' מלך:**

געהט, אידען, איך בין גוזר אויף אייך, ראַטעוועט זיך דאָס לעבען. ראַטעוועט די יונגע, די קינדער. דער וועג איז אין סכנה. יעדען אויגענבליק קענען זיי אונז אָנטרעפען, געהט, געהט! (א טהייל געהען. ר' מלך בלייבט איבער. פאַלט צו דער ערד).

**מלכה'לע**

(שרייט):

אידען, ר' מלך געהט אויס! וואַסער גיט, אַ לאַמטער אַהער!

**די אידען**

(לויפען צוריק, ברענגען אַ לאַמטער מיט וואַסער):

ר׳ מלך, ר׳ מלך, ווי לאָזט איהר אונז אין אַזאַ שווערער צייט?

ר׳ מלך

(מאַכט מיט די הענד):

געהט, געהט...

די אידען

ר׳ מלך, וואוהין זאָלען מיר געהן?

ר׳ מלך

(שטאַרקט זיך, הויבט זיך ווידער אויף):

אידען, געהט, איך בין גוזר אויף אייך, געהט. מיט׳ן בטחון אויפ׳ן טאַטען אין הימעל, אַז ער ווייסט און זעהט אונזער נויט און פיין. — געהט ווייטער אייער וועג, ראַטעוועט זיך דאָס לעבען, לאָזט איבער די אַלטע, קראַנקע לייט אויפ׳ן וועג און געהט ווייטער, געהט. — דער טאַטע זעהט אַלץ און ווייסט אַלץ. ער וועט אייך צופיהרען צום ריכטיגען וועג. (די אידען געהען ווייטער, ווי זיי וואָלטען זיך אַוועקגע׳גנב׳עט פון איהם. עס בלייבען נור איבער ר׳ מלך, מלכה׳לע, די טאָכטער, דוד און שלמה).

ר׳ מלך (צו שלמה׳ן):

און דו אויך, שלמה, דו ביזט יונג, געה מיט זיי.

שלמה

(בעט זיך):

ר׳ מלך, איך האָב אייך דאָס גאַנצע לעבען געטריי און כשר געדיענט, איך בעט אייך, פעריאָגט מיך ניט פון אייך אין דער לעצטער מינוט.

ר מלך:

שלמה, איז דען אַ איד אַן עבד? יעדער איד איז אַ בן מלך און קיינער האָט ניט קיין רעכט זיין לעבען אַוועקצוואַרפען פאַר אַ בשר ודם, נאָר פאַר׳ן רבונו של עולם אַליין. געה, שלמה, געה מיט זיי. (צו דוד׳לען) און דו, דוד׳ל, געה אויך, נעהם רבקה׳לען און געה. איהר זייט יונג, ראַטעוועט זיך דאָס לעבען.

**רבקה׳לע:**

טאַטע, פּעריאָג מיך נישט.

**דודי׳ל:**

מחותן, ר׳ מלך — לאָזט מיך זיין.

**ר׳ מלך:**

איר האָט קיין רעכט נישט, דאָס לעבען געהערט נישט אייך, נור דעם רבונו של עולם. פון יעדען אידען קען די ישועה קומען, בלייבען זאָלען נור אויפ׳ן וועג די אַלטע, די שוואַכע, וואָס האָבען קיין כוח נישט. געה, דודי׳ל, נעהם רבקה׳לען און געה.

**רבקה׳לע און דודי׳ל**

(נעהמען זיך די הענד):

טאַטע, מיר וועלן נישט געהן.

**מלכה׳לע:**

וואָס טרייבסטו זיי, די קינדער וועלען בלייבען מיט דיר.

**ר׳ מלך:**

עס איז אַ סכנה, מען טאָר נישט. (פּויזע). איך פיהל, מיין צייט קומט אָן, דער טאַטע רופט מיך. (מלכה׳לע און די קינ־דער וויינען). שווייג, מלכה׳לע, איך פערלאָז מיך אויף זיין חסד, ער וועט זיין אַן אב־הרחמים ביים יום־הדין. (פּויזע, ער שווייגט אַ לאַנגע צייט, ווערט בלייך. מען בעמערקט, ער קעמפפט עפּעס מיט זיך).

**מלכה׳לע:**

מלך, וואָס איז דיר?

**ר׳ מלך**

(נאָך לאַנגען קלעהרען):

אפשר... מלכה׳לע, אפשר האָבען זיי רעכט!

**מלכה׳לע**

(דערשראָקען):

וואָס מיינסטו, מלך?

ר׳ מלך:

איך מיין... איך מיין... אפשר, האָבען מיר זיך אָבגענאַרט, וואָס?... און אפשר איז גאָרנישט טאַקע דאָרט פאַרהאַן... וואוהין איך געה — נור אַ טונקעלע נאַכט... און איך וועל פאַר קיינעם נישט האָבען אונזערע צרות צו דערצעהלען?

מלכה׳לע:

וואָס, מלך, וואָס רעדסטו, חלילה? וואָס איז געשעהן?

ר׳ מלך:

ווער קען זאָגען אויף געוויס... וועלכער בשר ודם... מלכה׳לע, בחנם האָבען מיר געוואַרט — עס איז גאָר נישטאָ, נור נאַכט, — און אַלעס איז מותר און אַלעס איז הפקר — קיינע צרות און קיינע טרעהרען ווערען נישט געצעהלט און נישט געוואויגען...

מלכה׳לע:

מלך, וואָס רעדסטו, געדענק אָן גאָט!

ר׳ מלך:

איך זוך און איך זעה נור נאַכט... שוואַרץ און הויל — איך הער לאַכען געהט אויף פון אַ טיעפען תהום... מלכה׳לע!

רבקה׳לע:

טאַטע, עס איז דיר טונקעל פאַר די אויגען, איך וועל דיר מיט מיינע פּעריל לייכטען. (זי טהוט זיך אָן די פעריל און זיי לייכטען אין דער טונקעלער נאַכט).

ר׳ מלך:

(ווערט פרעהליך, האָט הנאה):

אהה, אהה, איך זעה שבת־ליכט... ווער שטעהט און בענשט די שבת־ליכט? אָה, ס׳איז די מאַמע, איך הער אַ געזאַנג, קדוש השבת, קדוש השבת... שטיל ווערט איבער דער וועלט, דער שבת קומט אָן מיט הייליגע טריט, מלכה׳לע, טהו מיר אָן דעם שבתדיגען בגד, ליכט זיינען אָנגעצונדען, דער שבת קומט אָן.

מלכה׳לע:

דאָס לייכט דאָך דיר רבקה׳לע מיט די פּעריל.

ר׳ מלך:

לייכט מיר אַזוי, רבקה׳לע, מיט דיינע פּעריל, גוטע פּעריל... גוטע פּעריל... איך וויל שלאָפן מלכּה׳לע — דעק מיך מיט עפּעס צו — עס איז מיר קאַלט.

מלכּה׳לע

(דעקט איהם מיט עפּעס צו):

שאַ, רבקה׳לע, דער טאַטע שלאָפט. גאָט זאָל איהם שטאַרקען אין שלאָף — קום צו מיר, מיין טאָכטער, ביז דאָך מיד, מיין פייגעלע, — קום, איך וועל דיך אין מיין טוך איינהילען, אפשר וועט גאָט טהאָן אַ נס, און ראַטעווען דעם טאַטען.

(רבקה׳לע זעצט זיך מיט מלכּה׳לען נעבען ר׳ מלכ׳ן און שלאָפען איין, עס ווערט אַ מאָדנע ליכט, ווי פאַר טאָג. דער טאָג ווערט בעלויכטען, אַלעס ווערט ווי אין אַ חלום).

ר׳ מלך

(כאַפּט זיך אויף און רופט מיט אַ שטאַרקער שטימע):

מלכּה׳לע, מלכּה׳לע, רוף מיר די קינדער צונויף, איך וויל זיי זעהן — איידער איך געה אַוועק פון זיי.

מלכּה׳לע:

וואָס רעדסטו, מלך, פון וואַנען זאָל איך די קינדער צונויפרופען? ווער ווייס אויף וואָס פאַר אַ פעלדער זיי בלוטיגען אַצינד.

ר׳ מלך:

רוף זיי פון פעלד אַראָב, זאָלען זיי אָבשטעלען זייערע בלוטיגע מעשים אויף אַ מינוט. זאָלען זיי קומען צו מיין בעט, איך וויל זיי עפּעס זאָגען איידער איך געה אַוועק פון זיי. (רבקה׳לע און מלכּה׳לע קוקען זיך אָן).

רבקה׳לע:

געה, מאַמע, שטעל דיך ביים ראַנד פון פעלד און רוף חיים׳ען מיט משה׳ן, דער טאַטע הייסט.

מלכה׳לע

(שטעלט זיך ביים ראנד פון פעלד און רופט):

חיים בן מלך, קום אראָב פון פעלד, דער טאַטע רופט. ער וויל זיך מיט דיר געזעגענען איידער ער געהט אַוועק פון דער וועלט! (פויזע, קליין ווארטען. פון פעלד קומט אראָב חיים, דער עלטסטער זוהן, אַ איד מיט אַ באָרד, אנגעטהאָן ווי אַ רוסישער סאָלדאט, הינקט אויף אַ פוס, קוקט זיך פערוואונדערט ארום).

חיים:

ווער האָט מיך גערופען? (ער דערזעהט ר׳ מלכ׳ן און מלכה׳לען) ווער איז דאָס?

מלכה׳לע

(געהט צו צו איהם, קוקט זיך איין, ווי זי וואָלט איהם נישט דערקענט, דערנאָך שרייט זי אויס מיט אַ ווילד קול):

חיים, מיין קינד (ווארפט זיך איהם אויפ׳ן האלז).

חיים

(דערקענט אויך די מאמע׳ן):

מאַמע! (פאלט אויף איהר האלז, אַ לאנגע פויזע). וואָס טהוט איהר דאָ, אויפ׳ן פעלד, אין מיטען דעם מלחמה? וואו איז דער פאָטער?

מלכה׳לע:

דאָ איז דער פאָטער! (ווייזט אויף ר׳ מלכ׳ן).

חיים:

דער טאַטע! וואָס טהוט דער טאַטע? (ער געהט צו צו איהם).

מלכה׳לע

(דערזעהט ווי ער הינקט—פאלט צו צו איהם):

חיים׳ל, מיין קינד, וואָס האָבען זיי געמאַכט אויס דיר?

ר׳ מלך:

איז דאָס מיין קינד חיים? איך קען איהם נישט. (דערקענט איהם שווער).

חיים:

יאָ, טאַטע. (קושט זיך מיט איהם). — דאָס בין איך. — אָבער וואָס טהוט איהר דאָ?

מלכה׳לע:

מען האָט אונז אויס דער שטאָדט געטריבען מיט אַלע אידען צוגלייך.

חיים:

ווער?

מלכה׳לע:

אַזעלכע, וואָס געהען אָנגעטהאָן ווי דו.

חיים

(שווייגט אַ ווײַלע, לאָזט אראָב דעם קאָפּ, דערזעהט פּלוצלונג רבקה׳לען):

און ווער איז דאָס?

מלכה׳לע:

דאָס איז רבקה׳לע, דיין שוועסטער.

חיים:

וואָס רעדסטו, מאמע? רבקה׳לע—רבקה׳לע—דאָס איז דאָך אַן אַלט ווייב!

מלכה׳לע:

אַזוי האָבען זיי אויס דיין שוועסטער געמאַכט. (חיים שווייגט, לאָזט אראָב דעם קאָפּ).

ר׳ מלך:

וואו איז דיין ברודער, חיים?

חיים:

איך ווייס נישט, טאַטע, ער איז אַן עסטרייכער, ער איז אַן עסטרייכער, ער איז אודאי ביים פיינד.

ר׳ מלך:

וואו געפינט זיך דער פיינד?

חיים

(ווייזט):

אויף דער זייט פעלד.

ר׳ מלך

(צו מלכה׳לען):

געה, מלכה׳לע, רוף שלמה׳ן פון פעלד אַראָב.

מלכה׳לע

(שטעלט זיך אויף דער צווייטער זייט פעלד און רופט):

שלמה בן מלך—קום פון פעלד אַראָב, דער טאַטע רופט!

חיים

(וועלכער האָט זיך מיט פערוואונדערונג צוגעקוקט, לויפט צו):

מאַמע, וואָס טהוסטו, דאָרט איז דאָך דער פיינד! (פון פעלד קומט אראָב שלמה, אַן עלטערער איד, אַלס עסטרייכישער סאָלדאַט, פערבונדען דעם קאָפּ).

שלמה:

ווער האָט מיך גערופען?

מלכה׳לע:

שלמה, מיין קינד!

שלמה:

מאַמע! (קושען זיך).

חיים און שלמה

(בעמערקען איינער דעם צווייטען, וואַרפען זיך איינער אויפ׳ן צווייטען מיט די ביקסען און שרייען אויס):

דער פיינד!

מלכה׳לע

(וואַרפט זיך צווישען זיי):

דער ברודער! (די ברידער הערען דערשראָקען, לאָזען אָב די ביקסען און בויגען די קעפּ צו דער ערד).

ר׳ מלך:

פון וואַנען קומט איהר, מיינע קינדער, וואָס זיינען אייערע בגדים אַזוי בעשמירט מיט בלוט? וואָס האָט איהר געטהאָן?

חיים און שלמה:

מיר קומען פון פעלד, מיר האָבען זיך געשלאָגען מיט׳ן פיינד.

ר,מלך:

געשלאָגען! — האָב איך אייך דען נישט געלערנט אין דער תורה „לא תרצח״?

חיים און שלמה:

דאָס פּאָטערלאַנד האָט דאָס פערלאַנגט פון אונז.

ר׳ מלך:

וואָס איז דאָס פאַר אַ נייע עבודה־זרה, דאָס „פּאָטערלאַנד״, וואָס איהר האָט זיך אויסגעקליבען, מיינע קינדער? האָב איך אייך דען נישט געלערנט, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדערער גאָט נור דער איינציגער לעבעדיגער גאָט איבער דער וועלט? וואָס איז דאָס פאַר אַ נייער „מולך״, דאָס „פּאָטערלאַנד״, פאַר וועלכען איהר האָט מענשען געה׳הרג׳עט? מענשען קרבנות געבראַכט? (די ברידער קוקען זיך אָן איינער דעם צווייטען, ווי זיי וואָלטען זיך דערקענט, אַ ווײַלע פערשעהמט).

חיים

(צו שלמה׳ן):

דאָס ביזטו געוועזען אויף יענער זייט, וואוהין איך האָב געשאָסען?

שלמה:

און דו, דאָרט מיט זיי? (וואַרפען זיך איינער דעם צווייטען אין די אָרעמס. וויינען אַלאַנגע ווײַלע).

חיים.

שלמה, מיין ברודער, אויף דיר האָט מען מיך אַרויסגעשיקט מיט אַ ביקס און אַ שווערד, מיין אייגענעם ברודער צו טויטען.

שלמה:

און דאָס ביזטו געוועזען אויף יענער זייט, וואוהין איך האָב געשאָסען, און איך האָב געמיינט, אַז דאָרט איז אַ חיה, אַ ווילדעס טיער. — געגען וועמען האָט מען מיך געפיהרט, ווער איז מיין פיינד? (וואַרפען זיך נאָך אַמאָל אין די אָרעמס, קוקען זיך אַרום, דערזעהען ערשט יעצט דעם פאָטער): ווער האָט דאָס געמאַכט אויס אייך אַזוי?

ר׳ מלך

(שטרענג):

דאָס האָט איהר געטהאָן!

שלמה און חיים:

טאַטע!

ר׳ מלך:

איהר זייט געגען מענשען אַרויסגעגאַנגען מיט שווערד און ביקס. וואָס איז דער חילוק, ווער עס איז דאָרט אויף דער צווייטער זייט? איז אַ פאָטער נישט דאָרט, איז אַ מוטער, אַ שוועסטער ניט דאָרט—ווען מענשען זיינען דאָרט?

חיים און שלמה:

טאַטע, מען האָט אונז געצוואונגען.

ר׳ מלך

(דונערט מיט זיין שטימע):

געצוואונגען אייך ברידער-מערדער צו זיין און איהר זייט געוואָרען! וואָס איז דער שכר, וואָס דער נייער „מולך״, דאָס „פאָטערלאַנד״, האָט אייך צוגעזאָגט דערפאַר, אַז איהר זאָלט איהם אייערע ברידער פאַר אַ קרבן ברענגען? אייערע אייגענע קינדער—אייך אַליין! יעצט פערשטעהט איהר שוין, פאַר וואָס עס קומט אויף אונז די שטראָף? דאָס האָבען קינדער די פאָטערס געטויט; ברידער די שוועסטערס פער־שעהמט. וואָס איז דער חילוק? אויףביידע זייטען שטעהט דער מענש. מיר זיינען געשטראָפט פון אונזערע הענד. (ער הייבט אויף די הענד צום הימעל). איך האָב געצווייפעלט אויף אַ מינוט, געזוכט דעם טעם פאַר וואָס עס איז אַזוי; יעצט פערשטעה איך עס. איך דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו האָסט מיך געלאָזט זעהן דיין גערעכטיגקייט בעפאָר דו שליסט מיינע אויגען. דו ביזט גערעכט און דיין משפט איז גערעכט.

חיים און שלמה:

טאַטע, וואָס זאָלען מיר טהאָן?

ר׳ מלך:

גאָט זאָלט איהר אַזוי דיענען, ווי איהר האָט דעם אָבגאָט, דאָס „פאָטערלאַנד״ געדיענט. דעם גרויסען לעבעדיגען גאָט. געהט, נעהמט וואַסער און וואַשט די הענד פון ברודער-בלוט איין ברודער זאָל דעם צווייטען די הענד וואַשען און איין

ברודער זאָל ביים צווייטען מחילה בעטען, אפשר וועט ער זעהן אייער צער, רחמנות קריגען און מוחל זיין. (די ברידער שעפּען וואסער פון א ברונען, גיסען איינער דעם אנדערען אויף די הענד, וואשען זיך און גיבען זיך איינער דעם צווייטען די הענד).

**חיים:**

ברודער, זיי מוחל פאַר'ן בלוט.

**שלמה:**

ברודער, זיי מוחל דו (ווארפען זיך איינער דעם צווייטען אויפ'ן האלז. א לאנגע פויזע).

**חיים:**

וואָס לייכט דאָס אויף דיר, רבקה'לע?

**שלמה:**

אַ גרויסעס ליכט!

**ר' מלך:**

עס לייכטען די פּעריל אויף די העלזער פון אונזערע גע-פּייניגטע טעכטער מיט אַ צנועה'דיג-קלאָהר ליכט און זאָגען עדות אויף זייער ריינקייט!

**די ברידער**

(בויגען זיך פאר רבקה'לען טיעף):

מיר בויגען זיך טיף פאַר דיר, שוועסטער! (פון דערווייטענס הערט זיך ווי א געזאנג קומט אן)

עס לייכטען די פּעריל אויף די העלזער
פון די געפּייניגטע אידישע שוועסטערס.
עס לייכטען די פּעריל מיט אַ קלאָהרעס ליכט.
ריין איז געבליבען די אידישע שוועסטער אין
די פרעמדע הענד.
הייליג איז די אידישע שוועסטער

**רבקה'לע:**

איך בין דאָך די אַלטע אידישע מאַמע, פון קבר אויפגע-שטאַנען, צו זעהן מיינע קינדער, איהר דערקענט מיך נישט? (זי פערענדערט זיך און ווערט עהנליך צו דעם געשטאלט פון דער „מוטער". אלע ווערען דערשראָקען און רוקען זיך אָב פון איהר. זי געהט מיט לייכטע טריט צו ר' מלכ'ן צו, די פּעריל שיינען אויף איהר).

לאַנג האָסטו געשוויגען, מיין קינד, האָסט געטרונקען דעם צער אין דיר. ווער עס האָט געוואָלט, דער האָט דיך בע־ליידיגט. מיינע קינדער זיינען הפקר געווען. מיין הויז צו־בראָכען, אָפּען געשטאַנען אין וויסטען פעלד—מיט אויסגע־האַקטע טהיר און שויבען. מען האָט דיך געיאָגט ווי אַ קרע־ציגען איבער דער וועלט אַרום און דו האָסט געשוויגען. יעצט רעד! נאַ, נעהם דעם שופר אין די הענד (זי גיט איהם איבער דעם שופר) און בלאָז אויף רעכטס, און בלאָז אויף לינקס, און זאָג אָן די בשורה איבער דער גאַנצער וועלט. אַ גרויסע ישועה איז געקומען: „ברודער האָט ברודער דער־קענט, הללויה!"

ר׳ מלך:

(נעהמט דעם שופר און בלאָזט אַ לאַנגע תקיעה):

אַ גרויסע ישועה איז איבער דער וועלט געקומען, ברודער האָט ברודער דערקענט, הללויה! (פון פעלד קומט אַראַבצולויפען דער פאָלקאָווניק, הינטער איהם פאַן דאָמבראָווסקי).

דער פאָלקאָווניק:

סאָלדאַטען, וואָס טהוט איהר דאָ, אופ׳ן וועג? שיסט דאָרט אַהין, דאָרט איז דער פיינד!

די ברידער:

דאָרט איז דער מענש!

דער פאָלקאָווניק:

וואָס הער איך? (ער קוקט זיך צו) וואָס זעה איך? פיינד און פיינד גיבען זיך די הענד! פעררעטה, פעררעטה! טויט איהם, עס איז דער פיינד!

חיים:

עס איז דער ברודער!

פאַן דאָמבראָווסקי

(צום קאָמאַנדיר):

דאָס האָט אַלץ דאָס אידעל אָנגעמאַכט, ער האָט פיעל קינ־דער געהאַט און איבער אַלע לענדער זיי צושיקט. אויף יעדען שלאַכטפעלד זיי געהאַט, ביי דעם פריינד און ביי

דעם פיינד. ער האָט די אוינען זיי געעפענט, ברודער האָט ברודער דערקענט און פריינד און פיינד האַלטען זיך ביי די הענד.

דער פאַלקאָווניק:

פעררעַטה, דער אַלטער איד געגען דעם גרויסען קעניג פון קריעג! סאָלדאַטען, לויט געזעץ און לויט בעפעהל, נעהמט דעם איד!

די סאָלדאַטען:

עס איז דער פאָטער.

דער פאַלקאָווניק:

וואָס הער איך? (ער רופט אין פעלד) הע, סאָלדאַטען, אַהער קומט, פעררעַטה! נעהמט דעם איד! (פון פעלד הערט זיך דאָס געזאַנג):

זאָגט אָן אויף רעכטס, זאָגט אָן אויף לינקס,
אַ גרויסע ישועה איז אויף דער וועלט געקומען,
ברודער האָט ברודער דערקענט, הללויה!

דער פאַלקאָווניק:

וואָס איז? אַ בונד? אַלטער איד, דו האָסט אַ בונד געמאַכט! (ער דערקענט איהם) וואָס, אַהאַ? ניין, דו ביזט דאָך נור דער אַלטער איד, איך האָב אַ שלעכטען חלום געהאַט. סאָלדאַטען, נעהמט דעם איד! עס איז דער פיינד.

די סאָלדאַטען

(האַלטען זיך ביי די הענד):

עס איז דער פאָטער.

דער פאַלקאָווניק:

(קוקט זיך איין צו איהם, דערקענט איהם):

ווער האָט דיך פון דיינע קייטען בעפרייט, ביזט אַזוי יונג געוואָרען, ווער האָט דיך אַזוי שטאַרק געמאַכט?

משיח—ר׳ מלך

(דונערט מיט זיין שטים):

דו האָסט מיך מיט צער געזעטיגט, טיטוס, פון די ליידען בין איך אַזוי שטאַרק געוואָרען און יונג.

ט י ט ו ס:

דאָס ביסטו? און איך האָב נישט געוואוסט.

מ ש י ח:

איך בין דאָך נאָר אַ פּשוט׳ער יוד. — (עס ווערט טונקעל. אלעס פערשווינדט. עס בלייבען נור איבער ר׳ מלך, זיצט אויפ׳ן וועג, וואו ער האלט אין שטארבען; נעבען איהם זיצען מלכּה׳לע און רבקה׳לע).

ר ב ק ה׳ ל ע:

ס׳איז מיר אַזוי קאַלט, מאַמע, און איך האָב אַזאַ חלום גע־האַט. איך בין אַזוי אַלט געוואָרען, אַן אַלטע אידישע מאַמע.

מ ל כּ ה׳ ל ע:

און איך האָב מיינע קינדער אין חלום געזעהן. אַלע זיינען זיי געווען צוזאַמען, ביי די הענד זיך געהאַלטען, אָט דאָ, אופ׳ן וועג.

ר ב ק ה׳ ל ע:

און דער טאַטע איז אַזוי יונג געוואָרען, ווידער שטאַרק און געזונד. (פון דערווייטענס הערט זיך אַ ווייט, ווייט אויסגעהענדיג געזאנג).

ר׳ מ ל ך

(עפענט די אויגען און זאָגט מיט די לעצטע קרעפטען):

מלכּה׳לע, מלכּה׳לע, וואָס קלינגט דאָס אין מיינע אויערען? הערט זיך נישט פון פעלד אַראָב שופר בלאָזען? שבת קומט אויף דער וועלט. איך וויל די שבת-קאַפּאָטע אָנטהאָן. איך וויל מקדש השבת זיין—שבת קומט אויף דער וועלט — — — הערט — הערט — — (אלע הערען זיך איין. פון דערווייטענס הערט זיך אַ שטיל פלייטענדיק שפּיעל — —).

(פּאָרהאַנג.)

שלום אַש

# דער טויטער מענש

א דראַמע אין דריי אַקטען.

קראַנק איז די אַלטע וועלט,
עס בענקט דער חולה נאָכ׳ן טויט;
נאַראָנים האַלטען זי איין,
משוגעים געהען פאַראויס.

# פּערזאָנען:

ר׳ חנן. אַ איד פון אייניגע פערציג.

דינה. זיין טאָכטער. צוואַנציג־יעהריג.

ר׳ נחמיה. אַ איד אין שטאָדט.

פרעמדער.

הויכער יונגערמאַן.

ערשטע פרוי.

צווייטע פרוי.

דריטע פרוי.

אלמנה.

ערשטער סוחר.

צווייטער סוחר.

דריטער סוחר.

ערשטער יונגעל.

צווייטער יונגעל.

דריטער יונגעל.

יוסף. ביים לעבען דינה׳ס חתן.

(פאָלק, אידען, פרויען, קינדער, היימישע און פרעמדע).

עס שפּיעלט אין אַ קליין שטעדטיל ערגעץ־וואו
אויף אַ גרעניץ. צייט—1919.

# ערשטער אַקט.

אַ שוהל, האלב חרוב מיט אַ אָפענעם דאך. אידען און ווייבער ליעגען אין די ווינקעלעך. אַ משוגע׳נע אַנגעטהאָן אין פערשיעדענע בענדער מיט אויפשריפטען, אַ גרויסען מגן־דוד אויף איין זייט, און אַ רוסישען אויפשריפט „דאַ זדראַוווסטוואויעט רעוואָלוציאַ" פון דער צווייטער זייט — שטעהט אויפ׳ן בעלעמער און רעדט צו די ליעגענדע שאָטענס.

מ ש ו ג ע ׳ נ ע :

אָ, ווי דאָס קומט זיך צוזאַמענצולויפען פון אַלע פיער עקען וועלט. די וועלט איז אַ ראַטען-שטייג און עס האָט ווער די שטייג ביי איהרע פיער עקען אונטערגעצונדען און די ראַטען לויפען פון פייער אַרויס—גאָט איז אין הימעל אַנטלאָפען, פערהאַקט די טהירען איבער זיך, ער האָט מורא, אַז עס זאָל צו איהם אויך נישט דערגרייכען. קראַנק איז די אַלטע וועלט, עס בענקט דער חולה נאָכ׳ן טויט. נאַראָנים האַלטען זי איין, משוגעים געהען פאַראויס.

ר׳ נחמיה

א נידריגער, שווייגענדער איד קומט אריין, דערזעהט די משוגע׳נע אויפ׳ן בעלעמער, קרעכצט:

צו וואָס דערלעבט. משוגעים וואוינען אין שוהל. נעהמט א פּאר צוריסענע בלעטליך פון טאַש ארויס. קיין סידור נישטאָ, גוט מען געדענקט פון אויסוויינינג נאָך עפּעס. ברומט פאר זיך.

ר׳ חנן

א הויכער איד מיט א לאנגער באָרד און אן אויסגעצויגען פנים קומט אריין, דערזעהט די משוגע׳נע:

נאָך דאָס געפעהלט. אַ שוהל איז נישט קיין אָרט פאַר משוגעים. טרייבט זי פון שוהל ארויס. אַלערהאַנד מענשען וואַלגערן זיך היינט איבער דער מדינה אַרום—שווער צו דערקענען, ווער אַ היימישער, ווער אַ פרעמדער.

ר׳ נחמיה:

וואָס איז דער חילוק, אַלע זענען היימישע, אַלע פרעמדע, ווייסט, וואו דו וועסט מאָרגען זיין?

ר׳ חנן:

ניין, ביין, די שוהל איז נור פאַר היימישע, די שטאָדטס בעלי-בתים הויבען אָן צוריקצוקומען פון דער פרעמד. — זייערע הייזער זענען חרוב, וועלען זיי דערווייל וואוינען

אין דער שוהל. צום ערשט בעדאַרף מען איבער די היימי־
שע זאַרגען, דערנאָך קומען ערשט די פרעמדע — צו די
פרעמדע. וואָס האָבען זיי זיך אָנגעזעצט אויף אונז? מיט די
אייגענע וואָלטען מיר זיך שוין אַ עצה געגעבען, פערפליי
צען זיי אונז ווי אַ ים. יעדען טאָג קומען נייע אידען צוגע־
הען—וואו זאָלען מיר זיך אהינטהאָן?

ר׳ נחמיה:

עס איז קיין וואונדער, אַ וועלט איז חרוב געוואָרען, אַ שטורם
האָט גאָט געשיקט און אויסגעריסען גאַנצע שטעדט, כרכים
גאַנצע און זיי פערשפרייט איבער די גאַנצע מדינה — מען
ווייסט ניט, ווער עס איז דאָ, ווער עס איז דאָרט — ווער
עס לעבט און ווער עס איז טויט.

ר׳ חנן:

אַני'ענד מוז עס נעהמען, מיר דאַרפען מאַכען אַנ'עק צו די
צרות, מיר מוזען אָנהויבען לעבען ווי מענשען, אויפס נייע,
גאָר אויפס נייע — מיט געוואַלד מוזען מיר אָנהויבען צו
לעבען. אַז נישט וועט עס קיינמאָל נישט אַנדערש זיין.
עס קומען אריין א פאָר בעלי־בתּים. זעהט, וואָס זיי האָבען אויס
דער שוהל געמאַכט—אַ הקדש, אַ משוגעים־אָרט! צום אַלעם
ערשטען בעדאַרף מען אַ הקדש אויפשטעלען פאַר אָרימע
לייט, אַ גדר מוז מען ציהען צווישען פרעמדע און אייגענע,
אַז נישט וועלען מיר קיינמאָל צו גאָר נישט קומען; דער־
נאָך דאַרף מען זיך שטעלען דעקען די שוהל—מיט'ס געוואַלד
מוזען מיר אָנהויבען צו לעבען אויפס נייע — אַז נישט
וועט קיינמאָל גאָר נישט זיין. ווי זאָגט איהר, ר׳ ברוך?

ערשטער בעל־בית:

צוליעב דעם בעדאַרף מען טאַקע צוםערשט אויפבויען די
קהילה, און אַקהילה איז די שוהל. אַז מיר וועלען האָ־
בען אַ שוהל, וועלען מיר האָבען אַ קהילה.

צווייטער בעל־בית:

און איך מיין אַ תלמוד־תורה. צוםערשט בעדאַרף מען דינ־
גען אַ מלמד צו די קינדערלעך. וואָס איז אַ שטאָדט אָהן

תורה? אַז מיר ווערן האָבן אַ תלמוד־תורה, וועלן מיר האָבן אַ שטאָדט.

ר׳ נחמיה:

און איך מיין גאָר אַ קליינעם ביקור־חולים. עס קומען אַהיים די בעלי־בתּים פון דער פרעמד. אַזוי פיל קראַנקע איז פערהאַן, רחמנא לצלן; איך מיין, אַז אַ ביקור חולים.

ר׳ חנן

מיט געבייזער:

און וואָס נאָך האָט זיך אייך פערגלוסט? אפשר באַלד אויך שוין אַ מושב־זקנים. מיט אידען איז שטענדיג אַזוי. מען האָט נאָך ניט קיין הקדש, נאָך נישט קיין דאַך אויף דער שוהל און איהם פערגלוסט זיך שוין אַ ביקור־חולים. האַלט איין אַ ביסעל דעם יצר־הרע אויף שפּעטער.

ר׳ נחמיה:

איך האָב נור געמיינט, אַזוי פיעל קראַנקע, רחמנא לצלן...

ר׳ חנן:

צום ערשט אַ הקדש. איך גיב אַ ווענדטיל פון מיין שטוב. סיי ווי סיי איז זי חרוב — די גוים האָבן זי צושלעפּט, ווען מיר זענען נישט געווען — ר׳ ברוך, וויפיעל גיט איהר? איהר זענט דאָך עפּעס געוואוינט צו געבען.

ר׳ ברוך:

קוקט איהם אָן:

פון מיין צופיהרטע נחלה?

ר׳ חנן:

געבען פון וואָס מען האָט. מען דאַרף זיך לערנען לעבען ווי אַמאָל מיט געוואַלד.

ר׳ ברוך

קרעכצט:

נעהמט אַראָב דעם דאַך פון מיין שטוב און דעקט די שוהל. גלייכער מיין שטוב שטעהט אָהן אַ דאַך, איידער די שוהל.

ר׳ חנן:

האָבען מיר שוין פאַר דער שוהל אַ דאַך, און אַ ווענדטיל פאַר׳ן הקדש — ווער גיט נאָך? ר׳ חיים, וואָס שווייגט איהר?

ר׳ חיים:

נעהמט אַרויס די פענסטער און טהיר פון מיין שטוב — פאַר גנבה האָב איך נישט וואָס מורא צו האָבען — און צום ווינטער איז נאָך אַזוי ווייט...

ר׳ חנן

מיט פרייד:

אידען, איהר זעהט, די שטאָדט וואַקסט. די שטאָדט וואַקסט, אָ-וואַ.

ר׳ נחמיה:

און איך מיין, אַז מיר דאַרפען וואַרטען מיט די שוהל אויף די בעלי-בתים, וואָס זענען אין דער פרעמד, ביז זיי וועלען צוריקקומען. עס איז נישט קיין רעכט, די מצוה אויסצוכאַפּען פאַר זיך אַליין.

ר׳ חנן:

עס וועט פאַר זיי אויך איבערבלייבען.

איינער פון די פרעמדע:

איהר וואָלט זיך ליעבער מיט אַמעריקאַ דורכגעשריבען — בין איך אין לאַכמאַנאָוו געווען, האָבען דאָרט אידען געקריגען פון אַמעריקאַ אַ שלל מיט געלד אויף די זאַכען.

אַ צווייטער אָרימאַן:

דאָס איז גערעדט. וואָס בויט איהר אַ הקדש, אַ שוהל? איהר שרייבט זיך אַדורך מיט אַמעריקאַ, וואָלט איהר שוין געהאַט אַ הקדש, אַ שוהל — ברויט וואָלט איהר געהאַט, אָט וואָס איהר וואָלט געהאַט.

אַ היימישער:

איהר מעגט עס זאָגען נאָך אַמאָל, ווען מיר וואָלטען נור געווען געוואוסט דעם וועג קיין אַמעריקאַ, וואָלטען מיר בעדאַרפט זאָרגען, ווען אַמעריקאַ וואָלט נור געווען געוואוסט פון אונזערע צרות. די פרעמדע, דערהערענדיג דאָס וואָרט אַמעריקאַ, הויבען זיך אויף און קומען אַלע אַהער.

אייניגע מיט אמאָל:

ווער רעדט פון אַמעריקאַ?—וואָס אַמעריקאַ?

איינער:

מיין זון איז דאָרט.

אַ צווייטער

שטעקט אויס אַ שטיקעל פּאַפּיער מיט אַדרעסען:

מיין פעטער, מיין מאַמעס ברודער.

אַ דריטער:

וואָס אַ פעטער, מיין אייגענער ברודער!

אַ אידענע:

וואָס רעדט איהר? אַמעריקאַ—מיין מאַן, מיין מאַן!

נאָך איינער:

נעהמט דעם אַדרעס, איך בעט אייך, נעהמט דעם אַדרעס—דאָ האָט איהר דעם אַדרעס. פון אַלע זייטען שטרעקען זיך אויס שטיקלעך פּאַפּיער מיט אַדרעסען.

ר' חנן:

שטילט אייך איין, מען האָט נאָך נישט געפונען דעם וועג קיין אַמעריקאַ. די אידען שטילען זיך איין.

אַ אידענע:

אַזעלכע קלוגע אידען—פאַר אַלעמען זענען זיי קלוג, אַ שוהל צו שאַפען, אַ הקדש—נור דעם וועג קיין אַמעריקאַ.

ר' חנן:

מיר זענען אָבגעשניטען פון דער וועלט, מיר זיצען איינע אַליין—מלחמות פון אַלע זייטען—אויף אַלע וועגען לויערט דער טויט. מיר ווייסען נישט, צו וועמען מיר געהערען, היינט צו איינעם, מאָרגען צו אַ צווייטען. מען קען דאָך צו גאָר נישט דערגיין.

אַ אידענע:

און וואָס-זשע רעדט איהר פון אַמעריקאַ ווידער? שווייגט שוין בעסער שטיל.

אַ צווייטער:

וואָס האָט איהר נאָך צו שיטען זאַלץ אויף די וואונדען.

**אַ הײמישער איד**

אין בענקשאַפט:

אַך, אַמעריקאַ, אַמעריקאַ! ווען איך קען נור מאַכען אַזוי, אַז דאָס שטיקעלע פּאַפּיער ער ווייזט אויף אַ אדרעס זאָל דער־גהעען דאָרט אַהין, צו מײן ברודערס זוהן, לײבעש האָט מען איהם גערופען אין דער הײם — איך האָב איהם אויס־געבאָרגט דעם ערשטען פינף און צוואַנציגער ווען ער איז געפאָהרען קײן אַמעריקאַ — ווען ער ווײסט, אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך געפין זיך! שאַ, אָדער גאָר צו מײן שוואָגער, מײן ווײבס ברודער, אין ברוקלין יואויגט ער, נעבען ניו־יאָרק, און געהײסען האָט ער פון דער הײם חיים פאַבריק־מאַכער. אַך, גאָטעניו, טאַטעניו! ווען איך קען נור צו איהם אײן בריוועל אַראָבשרײבען, קויף איך דאָך אַלע אָב, אַזוי ווי איהר שטעהט און געהט, אַזוי ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען.

**אַ צווײטער:**

זענען מיר מיט אַמעריקאַ אַ ביסעלע מעהר קרובים, קעהרן מיר זיך מיט אַמעריקאַ שוין מעהר אָהן. אַ שוועסטערן־זוהן, אַ שוואָגער. וואָס מיר שוועסטערן־זוהן, וואָס מיר שוואָגער, — אַ אײגענעם זוהן אין אַמעריקאַ, פאַרשטאַנען? שטופט איהם דעם אדרעס אין פּנים אַרײן. אָט האָסטו דעם אַדרעס.

**אַ אידענע:**

נאַ, שוין זײער אַמעריקאַ איך האָב דאָרט אַ אײגענעם מאַן — דעם טאַטען פון מײנע קינדער, און עס איז זײער אַמערי־קאַ. נישט געמאָזעלט און נישט געפּאָקט און עס איז זײער אַמעריקאַ.

**ר׳ חנן:**

קריגט אײך נישט, קריגט אײך נישט, אַמעריקאַ וועט פאַר אײך אַלע סטײען, אַמעריקאַ איז גענוג גרויס. לאָז מען נור אויסגעפינען דעם וועג קײן אַמעריקאַ.

**אַ אידענע:**

איך וואָלט נור געוואָלט וויסען אײן זאַך: אָבער זײ קלעה־רען פון אונז? אָבער זײ האָבען אונז אין זינען?

א צווייטער:

וואָס איז פאַר אַ חילוק? אַז זיי קענען אונז נישט העלפען!

ר׳ חנן:

שאַ, אָט קומען אידען צוגעהען, אפשר וועלען מיר ביי זיי מעהר דערגעהען — עס קומען אריין אידען מיט פעקליך אויף די פּלייצעס. ר׳ חנן קוקט זיך צו זיי צו. היימישע? שלום-עליכם.

ערשטער פרעמדער:

מיר געהען צוריק אין אונזער שטעדטיל.

ר׳ חנן:

פון וואַנען קומט איהר צוגעהען?

ערשטער פרעמדער:

מיר קומען פון יענער זייט — וואו עס איז אַמאָל רוסלאַנד געווען.

ר׳ חנן:

אין וואָס איז דאָרט היינט?

ערשטער פרעמדער:

תוהו ובוהו, אַזוי ווי איידער גאָט האָט בעשאַפען די וועלט.

צווייטער פרעמדער

א הויכער יונגערמאַן:

ניין, עס איז דאָרט מבול-צייט.

ר׳ חנן:

וואָס הייסט?

ערשטער פרעמדער:

עס איז הפקר די וועלט, ווער עס וויל, ווער עס קען — קומט און נעהמט.

צווייטער פרעמדער:

לת דין ולת דיין.

ר׳ חנן:

גאָט׳ס שטראָף פאַר קינ׳ס זין, פאַר אַזוי פיעל יאָהרען פערגאָסען בלוט, פאַר לעסטערונג גאָט. לאַנג זאַמלען זיך די וואָלקענס, ביז עס קראַכט דער שטורם אויס.

**ר׳ חנן:**

און מיט אחינו בני ישראל וואָס הערט זיך דאָרט? דער יונ־גערמאַן קרעכצט.

**אידען:**

וואָס?

**ערשטער פרעמדער:**

אידיש בלוט פליסט אין די גאַסען טייכען ווייז.

**דער יונגערמאַן:**

ווי צו חורבן ירושלים. —

**ערשטער פרעמדער:**

מיט שווערד און פייער פאַרטיליגט דער שונא. ווער עס אַנטרינט פון שווערד, פאַלט אין פייער.

**דער יונגערמאַן:**

און ווער עס אַנטרונט פון פייער — פאַלט פון מגפות און עפּידעמיעס. —

**ערשטער פרעמדער:**

אָפּגעמעקט ווערען מיר פון דר׳ערד. אידען שרייען אויס. וועה צו אונז! וועה צו אונז!

**אַ איד**

צו ר׳ חנן:

פאַר וואָס קומט עס אונז? וואָס שלאָגט ער אונז פאַר פרעמדע זינד.

**ר׳ חנן:**

מיר זעהען נור אונזער לייד, ווייל עס טהוט אונז וועה. אָבער זעהט איהר נישט גאָט׳ס האַנד דערין? מיר האָבען דאָך געבעטען דערויף טאָג און נאַכט, אַז בעווייזען זאָל ער זיין גערעכטיגקייט, און מיט אַ פייערדיגע האַנד זאָל ער אָבמעקען דעם ממשלת זדון פון דער וועלט. היינט אַז עס קומט, מיר זעהען דעם נס פאַר די אויגען—גאָט פערטיליגט אַ שטאַרקען און אַ מעכטיגען פיינד — זענען מיר נישט צו־פרידען דערפון, ווייל עס ריהרט אָן אונזער אייגען לייב.

די אידען:

צו ר׳ נחמיה׳ן מיט געבייזער:

ער שטראָפט דעם גוי און טרעפט אונז. אויף אונז, אויף אונז גיסט ער דאָך אויס זיין צאָרן און האַס. זעהט, זעהט, וואָס ער האָט געמאַכט אויס אונז!

ר׳ חנן:

ווער זענען מיר דאָס אַזעלכע, וואָס צוליעב אונז זאָל ער זיין גערעכטיגקייט נישט בעווייזען? און ווען אַפילו עס געהט איבער אונזער לייב — דאַרפען מיר צופריעדען זיין, אונז שטראָפט ער נור מיט דעם לייב, זיי פערטיליגט ער די נשמה. מעקט זיי אָב פון דר׳ערד. איהר פאַרשטעהט, איהר פערשטעהט?

ר׳ נחמיה

צו די פרעמדע:

וואָס זאָגט מען דאָרט ביי אייך? וואָס איז דער מיין דער־פון?—וואָס וועט דער סוף זיין?

ערשטער פרעמדער:

האָט איהר דען נישט געהערט דערפון?ביידע פרעמדע קוקען זיך אָן. אַז דאָס אַלעס איז צוליעב אידענס וועגען. כדי דער טערק זאָל צוברעכען ווערען.

ר׳ חנן:

איהר הערט?—איהר הערט?

ר׳ נחמיה:

פערצעהלט, אידען, פערצעהלט, מיר זיצען דאָ אָבגעשני־טען פון דער וועלט.

אַ צווייטער:

אָהן אַ צייטונג, אָהן אַ גאַזעט—מיר ווייסען נישט, וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט.

ר׳ חנן:

קיינער קומט נישט צוגעהען—קיינער זאָגט נישט, ווי לאַנג, און צו וואָס?—און וואָס וועט זיין דער סוף דערפון?

אידען:



פערצעהלט, געדענקט אין גאָט, פערצעהלט.

דער פרעמדער:

אַז אין פּאַריז זיצען די ממלכות און טראַכטען פּלענער, און שרייבען אַ זאַקאָן, אַז עס זאָל שוין מעהר קיין מלחמות נישט זיין אויף דער וועלט.

דער צווייטער:

און דאָס איז נאָך גאָר נישט.

ר' חנן:

וואָס מיינט איהר, עס איז קיין גערעכטיגקייט נישט דאָ אויף דער וועלט?

דער פרעמדער:

ארץ-ישראל אַלץ אַ באַלוין פּאַר אידען פאַר אַלע יסורים וועט לעולם ועד צו די אידישע נאַציאָן אָפּגעגעבען.

די אידען

שרייען אויס:

וואָס?

דער צווייטער פרעמדער:

דער ענגלישער קעניג האָט עס הייליג פערשפּראָכען.

דער יונגערמאַן:

דער ענגלישער איז גאָר נישט. דער אַמעריקאַנער, אָט ווער, דער אַמעריקאַנער אליין האָט עס געגעבען שוואַרץ אויף וויים.

די אידען:

ווען וועט דאָס זיין?

דער פרמדער:

אָט שוין.

דער יונגערמאַן:

אידען פּאָהרען שוין, פון אָדעס האָבען זיך אידען אויף קליינע שיפלעך געלאָזט איבער'ן שוואַרצען ים.

דער פרעמדער:

ביי אונז וואַרט מען נור, אַז מען זאָל די גרעניץ עפענען, דאָס גאַנצע מקום שטעהט ברייט מיט האַק און פּאַק נור נאָך ארץ-ישראל צו געהען.

דער יונגערמאַן:

עס איז אַ פאַקט, עס איז אַ פאַקט.

אַ איד:

פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אַלעס?

דער פרעמדער:

ווייסט ווי הייסט? עס קלינגט אַ וועלט. אין אַלע צייטונגען געשטאַנען.

דער פרעמדער:

מען וואַרט נור ביז מען וועט די גרענעץ עפענען, אַמעריקאַ וועט נאָך אונז שיפען שיקען מיט אייגענע מאַטראָזען, וואָס רעדען לשון קודש, און אַזש קיין ארץ ישראל אַראָבפיהרען.

אַ פרוי:

און וואָס וועט זיין מיט שפייז?

אַ מוטער:

און מיט מילך?

אַ אַלטער איד:

און מיט רפואות פאַר קראַנקע?

דער יונגערמאַן:

פאַר אַלצדינג געזאָרגט, אָנגעטיכס און שפייז שטעהען אונ־טער דער גרענעץ, וואַרטען נור, אַז מען זאָל קענען צו אונז דערגעהען.

דער פרעמדער:

און פאַר יעדען איינעם זיין הויז און זיין פעלד אָנגעגרייט, פערד און כלים. מיט אַלדינג, וואָס מען נויטיגט זיך דערין.

דער יונגערמאַן:

אַזוי אויף אַ קאָמערציעלען שטייגער—ווי אַמעריקאַ קען.

אַ היימישער איד:

גאָטעניו, גאָטעניו, וואָס דאַרף איך דען מעהר? אַ הויז צו וואוינען, אַ שטיקעל פעלד אויף תבואה, אַ גערטענדיל אַ קליינס—אויף גרינס פאַר זומערצייט, אַ קוה—אויף מילך פאַר די קינדערליך, אַ פערד און וועגעלע, אַ פאָר אָקסעליך און שעפעליך, ווי אין די תורה שטעהט. וואָס בעדאַרף איך דען מעהר? —

**די אידען**

ארום:

אַודאי אַזוי, אַודאי אַזוי!

**ר' חנן**

צו די אידען ארום:

וואָס איך האָב שטענדיג געזאָגט, אַז עס איז דאָ עפּעס אַ טעם דערביי, אַ וועלט ווערט נישט משוגע פאַר גאָר נישט. מען נעהמט נישט און מען הרגע'ט אויס אַ וועלט מיט מענשען און מען מאַכט אַ תל פון מדינות — עס מוז עפּעס זיין אַ מיין דערביי. אָט יעצט פערשטעהט איהר שוין דעם טעם דערפון?

**א אידענע:**

איך האָב מורא צו רעדען, איך פערשטעה נישט, איהר זאָלט מיר לעבען, איר זענט דאָך קלוגע לייט. פון איין זייט פערצעהלען זיי, אַז מען הרגע'ט אויס אידען, אידיש בלוט גיסט זיך אין די גאַסען, און פון די צווייטע זייט אַזעלכע ישועות טובות ונחמות. עס איז דאָך משוגע צו ווערען, איך בין נור אַ נאַריש ווייב.

**ר' חנן:**

דאָס איז דאָך טאַקע דער מיין דערפון. צום ערשט, איידער משיח וועט קומען, וועלען חבלי־משיח זיין, וועלען שלעכטע צייטען קומען איבער דער וועלט, וועט יעדער נשמה ציטערן אין יעדען גוף, און אַדורכגעהען ווי זאַמד דורך אַ זיפּ.

**ר' נחמיה**

שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ:

אַזוי ווי אין די הייליגע ספרים שטעהט.

**די אידען**

צו די פרעמדע:

ווען וועט שוין דאָס זיין? ווען? ווען?

**א צווייטער:**

מיר האָבען דאָך שוין קיין כּוח נישט צו וואַרטען.

**א פרוי:**

אונזערע קינדער געהען דאָך אויס פאַר אונזערע אויגען.

אַ צווייטע:

און מיר אַליין!

פרעמדער:

עס מוז נאָך נעהמען אַ שטיקעל צייט.

דער יונגערמאַן:

ביז אַלעס וועט אין אָרדענונג זיין.

ר׳ חנן

פיעל מיט פרייד:

עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט — עס איז דאָ יושר, גע־רעכטיגקייט — ניין, ניין. לעבען בעדאַרף מען אָנהויבען אויפס־נייע, מען מוז לעבען און מיר וועלען לעבען. פון אַלדעם שלעכטען וועט נעהמען אַ סוף. מיר מוזען פערגעסען, וואָס עס איז געוועז, די טויטע זענען טויט־מיר קענען זיי נישט צוריק לעבעדיג מאַכען, אַזוי האָט גאָט געוואָלט — און די לעבעדיגע בעדאַרפען לעבען. צדק און יושר וועט צוריק איינגעפירט ווערען אויף דער וועלט. אויס כאַפּעניש, אויס בהלה, מיינס וועט זיין מיינס און דיינס וועט זיין דיינס. די בעלי־בתים וועלען צוריק קומען מיט גאָט׳ס הילף — און מיר דאַרפען זיך נעהמען צוריק צום האַנדעל. מיר וועלען צוריק אויפבויען אַ שטאָדט און ווען מיר וועלען זוכה זיין דערצו מיט גאָט׳ס הילף, וועט מקוים ווערען, וואָס די יודען פערצעהלען — די ממלכות וועלען זיך פאַר אונז אָננעהמען — מיר וועלען האָבען אַ אייגען לאַנד, אַ אייגענע מלוכה. וואָס מיינט איהר, די וועלט איז שוין אונטערגע־גאַנגען? — מיר דאַרפען נור אָנהויבען צו לעבען אויפס־נייע.

די אידען:

אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי?

ר׳ חנן:

אָט וועל איך אייך ווייזען ווי אַזוי: איך האָב איינאיינציגע טאָכטער, איך האָב געהאַט פאַר איהר אַ חתן, אַ פיינעם יונ־גען מאַן, איך האָב איהם געליעבט ווי אַ אייגען קינד, גע־שטאָרבען — וועל איך, אם ירצה השם, מיין טאָכטער היינט

פּאַר אַ כּלה מאַכען. איך נעהם ברוך לייביש'ס יונגעל. מענשען זאָגען, ער איז נאָך צו קליין, מען קען נישט וואַר־טען ביז ער וועט גרויס ווערען — עס איז בהלה־צייט. און כאָטש מיר האָבען אַליין גאָרנישט. מיר ביידע זענען גע־וואָרען אָרימע לייט, וועל איך זיי אָבגעבען אַ שטיקעל פון מיין צופיהרטע נחלה, זאָלען זיי לעבען ווי אַלע אידען לע־בען אין דער יעצטיגער צייט. ווייזט אויף ר׳ ברוך לייביש'ס. און איך וועל זיך מתחייב זיין איהם צו געבען, כמה וכמה זהובים נדן, ווען גאָט וועט מיר העלפען, און לכבוד אָט די צוויי אורחים, וואָס האָבען אונז געבראַכט די פרעהליכע בשורות, וועלען מיר היינט נאָך מנחה — טאַקע תנאים שריי־בען. זאָל עס אַ אָנהויב זיין פון אַ נייע צייט. קיין לעקעך און בראָנפן האָבען מיר נישט, האָבען מיר דערפאַר שענע בכבוד'ע לייט, אַ פולע שוהל מיט אידען אָהן עין־הרע. און אפשר, ווען מיר וועלען זיך אַלע צוזאַמענלעגען, וועט זיך געפינען אַ כּזית ברויט אַ מוציא צו מאַכען. הע!

טהייל פון די א י ד ע ן:

עס וועט אַ גוטער סימן זיין.

ר׳ נ ח מ י ה:

די ערשטע תנאים אין דער שוהל.

אַ א י ד ע נ ע:

דעם מלאך־המות אָבצושרעקען.

די פרעמדע א ו ר ח י ם:

אַ ניי לעבען אָנצוהויבען.

ר׳ ב ר ו ך - ל י י ב י ש:

איך בין פערטיג, מיין סחורה איז גרייט, און איך מיין, עס איז אַ גלייכע זאַך אויך. נור פלוצים אַזוי אומגערעכט?

ר׳ ח נ ן:

איך האָב עס אייך שוין לענגס געוואָלט זאָגען — בחינם אָב־שלעפּען די צייט. אויף מלבושים איז נישטאָ וואָס צו וואַר־טען, מיר האָבען דאָך סיי ווי סיי נישט. און אויף קיין נדן אויך נישט, אַז איהר ווילט, וועל איך זיי פערשרייבען מיין נחלה. אַזוי ווי איך האָב אייך געזאָגט, כאָטש עס איז

נישטאָ וואָס צו פערשרייבען. טהיר און פענסטער האָבען די גוים צושלעפּט, אַ ווענדטיל האָב איך פאַרן הקדש אוועקגעשענקט — אַזוי ווי מיר אַלע לעבען וועלען זיי אויך לעבען—ביז גאָט וועט געבען בעסערע צייטען!

ר׳ ברוך־לייביש:

אַז אייך איז ליעב — איך אַזוי ווי איך האָב אייך געזאָגט אפשר איז דאָס דער וועג. זאָל זיך מיט אונזערע קינדער אָנהויבען אַ בעסער מזל פאַר אונז און פאַר אַלע אידען.

ר׳ חנן:

דאָס, וואָס איך מיין.

ר׳ נחמיה:

עס איז אַן־אַלטער אידישער מנהג.

ר׳ חנן:

איז מיר איינגעפאַלען, בשעת די אידען האָבען פערצעהלט פון די ישועות טובות, וואָס מען הערט אויף דער וועלט — וועל איך נאָך מיין מעדעל געהען, און איהר, מחותן, זעהט, אויב עס איז אַ איד דאָ, וואָס קען שרייבען תורה־כתב, אפשר אַ סופר דאָ צווישען די פרעמדע אידען?

איינער פון די אידען:

און פאַר אַ כזית זאָלט איהר זיך אויך נישט זאָרגען. עס געפינען זיך דאָ גענוג אידען, וואָס שלאָפען אויף זעק מיט געלד.

צווייטער:

און אונזער פּאָדריאַטשיק דעריבען האָט אַ פולען קעלער מיט קאַרטאָפליס אָבגעלעגט. און ברויט ביז אונטער דעם דאַך.

ערשטער:

און קיין סטראַזשניק איז נישטאָ, קיין פּריסטאַוו.

ר׳ חנן:

וואָס טהוט זיך מיט אייך, אידען? שוין אויס בהלה, אויס געוואַלד, ווען אַלעס איז הפקר געווען—וועלט ווערט צוריק וועלט, אין תפיסה וועט איהר דערפאַר געהען. און איבעריגענס, איך האָב נאָך פאַר מיין טאָכטער פאַר אַ מאָלצייט צוגעבען כאָטש מלחמה־צייט, נור אַ איד לעגט שטענדיג

2:

אָב פּאַר אַזעלכע זאַכען. קניפּט זיך אויף אַ בענדיל, וואָס ער טראָגט אויפ'ן האַרץ. נאָט אייך געלד. געהט אַרויס און קויפט ביי דעם פּאָדריאַטשיק וואָס איהר וועט קריגען — און זאָגט די ווייבער, אַז זיי זאָלען אַ מאָלצייט אָנגרייטען פאַר אַלע אידען, אַלע וועלען מיר זיך משמח זיין.

**די ווייבער**

מיט פרייד:

אין שוהל-הויף וועלען מיר אַ פייער מאַכען, אַלצדינג וועט זיין אָנגעגרייט.

**ר' חנן**

צום מחותן:

איהר פערשטעהט דאָך, ווען איהר מוטער וואָלט געלעבט, וואָלט אַנדערש געווען. כאָטש עס איז אַזאַ שלעכטע צייט— איהר פערשטעהט דאָך, אַ פאָטער קען זיך קיין עצה נישט געבען. דורך דעם וועט איהר מוזען צוליב נעהמען— די כלה האָט קיין קליידער, קיין ציערונג; זי וועט קומען אַזוי ווי זי שטעהט און געהט.

**ר' ברוך:**

איך פערשטעה, איך פערשטעה—אַזוי ווי דער חתן. ר' חנן געהט אָב. אַ טייהל פון די פרויען געהען פאַרבערייטען עסען. די אידען מאַכען אַלדינג גרייט צו די תנאים.

**איינע פון די פרויען**

געהט צו צו די אַנדערע:

וועה איז מיר, מען זאָגט דאָך אַז דער חתן לעבט.

**די פרויען:**

וועמענס חתן?

**די ערשטע:**

ר' חנן'ס טאָכטער'ס.

**צווייטע:**

ווייס ווי הייסט? אָט איז דאָך אַהרון היטעלמאַכער'ס זוהן אַהיים געקומען און האָט אַליין פערצעהלט, אַז זיי זענען געשטאָרבען אין קריג צוזאַמען מיט פעסע אייטעל'ס מאָן;

ער אַליין האָט זיי געהאָלפען באַגראָבען אויפ׳ן אַ אידישען גוטען-אָרט אין אַ פויליש שטעדטיל.

ע ר ש ט ע ר:

און נחום-לייביש האָט פערצעהלט, אַז מען האָט איהם געזעהען אין אַ רוסישע שטאָדט, ער האַנדעלט דאָרט מיט טהע.

צ ו ו י י ט ע ר:

און אָט איז ר׳ חיים געקומען צו געהען, האָט ער פערצעהלט, אַז פיעלע פון אונזערע לייט האָט דער דייטש פאַנגען גענומען און זיי זענען אין דייטשלאַנד.

אַ ד ר י ט ע

וועלכע איז שוין צוגעקומען מיט נאָך פרויען צום רעדיל.

ניין, זענען שוין פון דייטשלאַנד אויך אַוועק. עס האָט איהם ווער געזעהען מיט מיין מאַן, מען זאָגט אין האָלאַנד, ציוואו, מען האַלט איהם דאָרט געפאַנגען, ווייל ער האָט די גרענעץ געגנבעט.

פ ע ר ט ע:

מילא, ער איז דאָך נור אַ חתן געוועזען. וואָס טהון אַנדערע ווייבער, וואָס האָבען קינדער, און ווייסען נישט אָבער זייער מאַנען לעבען אָדער זענען טויט. ווייזט אויף אַ פרוי.

די פרוי הויבט אָן צו וויינען.

ע ר ש ט ע

טרייסט זי:

איהר זאָלט נישט גלויבען, אַז אייערער איז געשטאָרבען אין איינעם מיט ר׳ חנה׳ס חתן. ער איז מיט מיינעם טיעף אין רוסיי. זיי זענען רייך געוואָרען. פיהרען האַנדעל מיט צוקער. אַ מאַן, וואָס איז געקומען פון דאָרט, האָט אַליין פערצעהלט.

ד י צ ו ו י י ט ע:

יאָ, יאָ, פיעל זענען רייך געוואָרען, קענען זיך נור נישט איבערשרייבען מיט אונז.

נ אָ ך אַ פ ר ו י

קומט צו, זאָגט צו די וויינענדיגע פרוי:

איהר זאָלט זיי נישט גלויבען, וואָס זיי פערצעהלען. עס

איז אַ ליגענד. בעריל־חיים האָט אַליין געזאָגט, אַז ער איז טויט. געהאָלפען זיי בעגראָבען אין אַ פוילישׁ שטעדטיל. איהר זענט אַ אַלמנה.

**די אַלמנה:**

הערט אויף, הערט אויף, מען קען דאָך משוגע ווערען. ער איז טויט, ער איז לעבעדיג, עס איז מיר אַלעס איינס.

וויינט.

**ערשטע:**

אַך, גליקליך זענען די ווייבער, וואָס האָבען זייערע מענער אין אַמעריקאַ.

**די צווייטע:**

נאַר איינער, זיי זענען גאָר נישט אַזוי זיכער מיט זיי,

רוימט איין: מען זאָגט, אַז די אַלע מענער, וואָס האָבען ווייבער אין דער היים, האָבען דאָרטען חתונה געהאַט, וואוינען זיך אין שענע מויערן, האָבען קינדערליך מיט זייערע פרויען. פיעל יאָהרען האָבען זיי קיין ווייב נישט געהאַט, האָבען זיי די אַמעריקאַנער רבנים גט׳ן געגעבען—אַזאַ זאַקאָן אין אַמעריקאַ.

**אַ ווייבעל**

וואָס האָט אַ מאַן אין אַמעריקאַ.

עס איז אַ ליגענד, אַ ליגענד. אונזערע מענער וואַרטען אויף אונז.

**אַ צווייטע:**

שרייבט דאָך מיין מאַן, איך זאָל איהם מיין בילד שיקען.

נעהמט ארויס אַ בריעף.

**ערשטע**

רייצט זיך מיט זיי:

אודאי אַזוי, יענע לעבען זיך ווי די פריצים, רייך געוואָרען אין וואוילטאָג און פערגעניגען — וועלען זיי זיך אַזעלכע ווייבער צוריקנעהמען?

**איינע פון די פרויען:**

גאָט מיינער, וואָס רעדען זיי? הערט אויף, הערט אויף, מען קען דאָך משוגע ווערען. די ווייבער צוגעהען זיך סודען׳דיג

זיך. עס קומט אריין ר׳ חנן מיט דינה׳ן. דאס מעדעל פון א יאהר אכט־צעהן־ניינצעהן, ארים אבער ריין אנגעטהאן, טראגט אבגעטראגענע, אבער אמאל זעהט זיך אויס נגידשע קליידער. זי איז בארפוס.

ר׳ חנן:

פאר וואס ווילסט דו נישט דעם שידוך? דער שידוך געפעלט דיר נישט?

דינה:

ניין, איך מיין, ער לעבט.

ר׳ חנן:

ווער?

דינה:

יוסף.

ר׳ חנן:

דיין ערשטער חתן — וואס רעדסט דו? האט דאך בעריל איהם אליין געזעהען בעגראבען. בעריל איז דאך געוועזן דערבייי—אין איינעם מיט פעסעס מאן, איז ער דאך גע־פאלען אין קריג.

דינה:

ניין, טאטע, ניין.

ר׳ חנן:

בעריל האט דאך געדיענט מיט איהם אין איין פולק, די גאנצע צייט געוועזן צוזאמען. האט דאך דער רב אליין גובה עדות געוועזן.

דינה:

ניין, טאטע, ניין, ער לעבט.

ר׳ חנן:

פון וואנען ווייסט דו?

דינה:

ער קומט דאך מיר אלע נאכט צו חלום. שטעהט ביי מיר, אזא הויכער, און אויסגעדארטער, און בעט זיך ביי מיר מיט אזא בעטענדיק שטים, ווי ער וואלט געוויינט, אז איך זאלווארטען אויף איהם—ער וועט קומען נאך מיר צו געהען.

ר׳ חנן:

נאַרישקייטען, לעבעדיגע קומען נישט צו חלום. קומען צו געהען אויף דער וואָהר. אין חלום קומען נור טויטע צו געהען. אין טהיר בעווייזט זיך פלוצים א הויכער יונגערמאַן, אַנגעטהאַן אין א זעלנערישען מאַנטעל. ער איז זייער דאַר און אויסגעצויגען, האַלט א ליידיג זעקעל אויף די פלייצעס, און געהט מיט א שטעקעל מיט זעהר לאַנגזאַמע טריט. די פרויען ביי די טהיר, וועלכע בעמערקען איהם צום ערשט, קוקען איהם נאָך.

ערשטע:

ווער איז דאָס!

א איד:

איך האָב איהם ערשט געזעהען אַריינגעהען.

אַנדריטע:

גיב נור אַ קוק, ווי שטיל ער געהט. אַזוי ווי אַ שאָטען.

ערשטע:

עס איז פון שוואַכקייט.

ערשטע:

מיר דאַכט זיך, ער איז בעקאַנט. איך האָב מורא פאַר די רעד.

די צווייטע:

וואָס מיינט איהר?

ערשטע:

קוקט איהם אָן—מיר דאַכט זיך...

צווייטע

האַלב אויסשרייענדיג:

גאָט מיינער, וואָס זעה איך!

אַנדריטע:

איהר ערקענט איהם נישט? קוקט זיך גוט איין.

די ווייבער

הויבען אָן פלוצים צו שרייען:

ר׳ חנן, ר׳ חנן, ר׳ חנן!

**ר׳ חנן**

פון דערווייטענס:

וואָס איז? ווער רופט מיך? ר׳ חנן קומט אָן דעם בלייכען יונגען מאַן אַ געגען, שטעלט זיך אָב אַ ווײַלע, ציטערט און קוקט. פון דערווייטענס דער־הערט זיך דינה׳ס געשרייען יוסף! יוסף! זי וויל צולויפען צו איהם, האַלט זיך אַ ביסעל אינסטינקטיוו אַליין איין. דער פאָטער האַלט זי צוריק חי מיט די האַנד.

**יוסף:**

הייבט אויף די אויגען. האַלט זיין האַנד, ווי ער האָלט שלום־עליכם גע־האַלט געבען.

**ר׳ חנן**

האַלט זיך צוריק פון איהם צו געבען די האַנד:

ווייסט, מען האָט דאָך געזאָגט.

**יוסף**

מיט אַ שוואַכער שטימע:

וואָס האָט מען געזאָגט?

**ר׳ חנן:**

אַז דו ביסט, חלילה, טויט. געשטאָרבען אין קריג

**די אלמנה**

מיט ציכער:

אין איינעם מיט מיין מאַן געפאַלען.

**יוסף**

מיט אַ פרעמדען שמייכעל:

און אַז מען איז געשטאָרבען, איז מען דען שוין טויט?

אַלע קוקען זיך אָן פערפרעמדעט.

**ר׳ חנן:**

איך פערשטעה דיך נישט, וואָס דו מיינסט

**ר׳ נחמיה:**

וואָס איז דאָ נישט צו פערשטעהען? און מיר זענען נישט געשטאָרבען? דערמאָנט זיך, וויפיעל מאָל האָבען מיר געזעהען דעם טויט פאַר די אויגען. און דאָך זענען מיר נישט טויט?

יוסף

שאַקעלט צו מיטן קאָפּ.

דער עולם:

אַודאי אַזוי, אַודאי אַזוי.

פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

# צווייטער אַקט:

א גרויסע שטוב. טהיר און פענסטער זענען
ארויסגענומען. א האלב-איינגעפאלענער אויווען:
אויף א שעניק אין א ווינקעל ליעגט א קראנקע
אלטע פרוי. נעבען איהר זיצט דינה.

די נ ה:

איך האָב אייך שטענדיק געזאָגט, מחותּ׳נטע, אַז ער לעבט. דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, און איהר האָט מיר נישט גע-וואָלט גלויבען.

די מוטער:

וואו איז ער? וואו איז ער שוין?

די נ ה:

אָט קומט ער שוין מיט׳ן טאַטען, איך בין אייך געקומען אָנזאָגן. נאָר שרעקט אייך נישט איבער. ער זעהט אויס אַזוי שלעכט. אין די אָפענע טהיר קומט אַריין יוסף, ר׳ חנן, ר׳ נחמיה, נאָך מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבען זיי בעגלייט.

די מוטער

(דערזעהט איהם פון דערווייטענס, שטרעקט אויס צו איהם די הענד):

מיין קינד, מיין קינד, דו ביסט געקומען אין דער ריכטי-קער צייט. (יוסף געהט צו צו דער מוטער זעהר לאַנגזאַם)

די מוטער:

פלינקער, מיין קינד, קום, פאַר וואָס געהסט דו אַזוי פאַ-מעליך, מיין קינד. ער קומט אָן צו איהר, זי קלאַמערט זיך אַרום איהם מיט די קרענקע הענד. איך האָב דאָך דיך שוין בעוויינט, און יעצט שטעהסט פאַר מיר אַ לעבעדיגער. גאָט, גאָט, ווי דאַנק איך דיר, איידער איך מאַך צו מיינע אויגן! זי קלאַמערט זיך אַרום איהם, יוסף בלייבט קאַלט צוריקגעהאַלטען. דו ביסט געקומען, און איך געה אַהין. זי בעהאַלט איהר פּנים אין איהם. יוסף שווייגט. וואָס שווייגסטו, מיין קינד? וואָס רעדסט דו נישט צו מיר? יוסף שווייגט.

די מוטער:

רעד צו מיר, יוסף, איך וויל דיין קול הערען, וואָס שווייגס-טו, וואָס?

יוסף
מיט א לייכטע בידריגע שטימע:
וואָס זאָל איך דיר זאָגען, מוטער?
די מוטער:
דאָס ביסטו יוסף, מיין קינד?
יוסף:
דאָס בין איך, מאמע.
מוטער:
מיינע אויגען זענען טונקעל, איך זעה איהם נישט. זאָג מיר, דינה, וואָס האָט זיך געענדערט אין איהם? ווי זעט ער אויס?
דינה
קוקט איהם אָן:
אַזוי ווי ער האָט אויסגעזעהן, נור אָבגעצערט אַ ביסעל.
מוטער:
עפּעס וואָס האָט זיך געענדערט אין איהם. איך ווייס נישט וואָס. טאפּט איהם אָן. דיין לייב איז אַנדערש. דיין קול איז אַנדערש. זאָגט מיר, גוטע מענטשן, וואָס האָבען זיי געמאַכט מיט איהם? איך האָב מורא פאַר דיר, מיין קינד.
יוסף
מיט א שמייכעל:
וואָס האָסט דו מורא פאַר מיר, מאמע?
מוטער:
עפּעס וואָס האָט זיך געענדערט אין דיר, איך ווייס נישט וואָס. א אידענע צו דער אַנדערע, וואָס שטעהט ביי דער טהיר. אַ מאַמעס אַ הארץ פיהלט. עפּעס זעהט ער אויס יאָ ווי לעבעדיג, און עפּעס נישט. א איד ווייזט מיט'ן האנד אויפ'ן שטערן, מיינענדיג, אז ער איז בעריהרט עפּעס.
ר' נחמיה:
וואָס טהוט מען דאָרט מיט זיי, וואָס זיי קומען אַזוי אַהיים, איינער אַזוי, און דער אַנדערער אַזוי?
א פרעמדער איד:
אָט אַזוי קומען זיי אַהיים. ביי אונז איז אויך איינער אַהיים

געקומען, געדענקט ער בלויז דעם וועג אין שטוב אַריין.
געבליבען זיצען אָט אַזוי.

אַ צווייטער:

גוט, וואָס זיי פערגעסען. ביי אונז איז איינער אַהיים גע־
קומען, קען ער נישט פערגעסען, שרייט ער, אַ גאַנצען טאָג,
אַ גאַנצע נאַכט, פּלוצלינג הויבט ער אָן צו שרייען.

ר׳ חנן:

הערט שוין אויף. ווער עס קומט אַהיים געזונד, און ווער
עס קומט אַהיים קראַנק. דערפאַר איז עס דאָך מלחמה.
בעהט צו צו יוסף׳ן, בעהמענדיג איהם אוועק פון די מוטער, זאָגט ער
צו איהר. ער איז מיעד, קומט פון אַ לאַנגען וועג, און הונ־
גריג דערצו. צו דינה׳ן. גיעה צו אַ שכן אַריין זעה, אויב
דו קענסט עפּעס קריגען. ער מוז נישט פיהלען גוט.

יוסף:

איך בין נישט הונגריג. און איך פיהל גוט.

ר׳ חנן:

ווי לאַנג איז שוין ווי דו האָסט נישט געגעסען?

יוסף:

אין דעם לאַנד, פון וואַנען איך קום, הונגערט מען נישט
אַזוי.

ר׳ חנן:

פון דעם לאַנד, פון וואַנען דו קומסט? — וואו ביסט דאָס
געוועזען די גאַנצע צייט?

יוסף:

איך בין געוועזען אין אַנ׳אַנדער לאַנד, וואָס ליעגט אויף דער
צווייטער זייט.

ר׳ חנן:

ווייט פון דאַנען?

יוסף:

ניין, נישט ווייט, אָט באַלד הינטער׳ן שטעדטיל, ביים וועל־
דיל נאָכ׳ן בערגיל. אויף יענער זייט גרענעץ.

ר׳ חנן:

פאַרוואונדערנדיק זיך:

איז אַ גרענעץ? — קיינמאָל נישט געהערט דערפון, אַז אונ-
זער שטעדטיל ליעגט ביי אַ גרענעץ.

ר׳ נחמיה:

וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערן, מען האָט גענומען אַ וועלט
און זי צוטהיילט, צושניטען אויף קליינע שטיקליך, יעדען
איינעם אַ שטיקעל איינגעטהיילט. וואו דו געהסט, וואו דו
שטעהסט, האָסטו אַ גרענעץ היינט.

אַ צווייטער:

און מיר זיצען אָבגעשניטען. מיר ווייסען דען, וואָס טהוט
זיך אויף דער וועלט?

ר׳ חנן:

איז שוין דאָרט הייסט עס אַ ג׳אַנדערע מדינה.

יוסף:

יאָ, גאָר אַנ׳אַנדער לאַנד.

אַ איד:

מיט אַ גאַנץ אַנדערן זאַקאָן, העו?

אַ עגונה:

האָט איהר אפשר דאָרט מיין מאַן באַגעגענט? מען רופט
איהם ברוך, און האָט אַ פלעק ביים רעכטן אויג, האָט גע-
האַנדעלט מיט פלאַקס. מען זאָגט, ער איז נתעשר געוואָרען.

יוסף:

ניין, אַזעלכען נישט באַגעגענט.

די אַלמנה:

אָבער מיינעם? ער איז דאָך מיט אייך צוזאַמען אין מלחמה
געווען. מען האָט דאָך געזאָגט, אַז איהר זענט ביידע, חלילה,
גע׳הרגעט געוואָרען—וואו האָט איהר איהם געלאָזט?

יוסף

ווייזט מיט די האַנד:

אין יענעם לאַנד דאָרט.

די אַלמנה

שרייט אויס:

ער לעבט?

יוסף:

איך האָב צו אייך אַ גרוס. ער האָט עפּעס מיטבעפוילהלען.

די אלמנה:

אָבער ער לעבט?

יוסף:

ער איז געפאַנגען.

די אלמנה

לאָזט איהם ניט רעדען:

פאַר וואָס איז ער נישט געקומען מיט אייך צו געהען?

יוסף:

די גרענעץ איז פאַרשפאַרט.

אַ צווייטע אידענע

צו דער אלמנה:

זאָלסט איהם נישט גלויבען, ברכה, דו ביסט אַ אלמנה. דיין מאַן איז טויט.

אַ צווייטער איד

צו יוספן:

און מיין זוהן? ער איז דאָך מיט דיר אין איין פולק געווען?

נאָך איינער:

און מיינער?

ר' חנן:

לאָזט אָב אַ מינוט. צו יוסף'ן מיט אונצופריעדען. און דו, ווי אַזוי ביסט דו אַהיים געקומען?

יוסף:

איך האָב די גרענעץ גע'גנב'עט.

ר' חנן:

און פאַר וואָס האָסט דו נישט געלאָזט הערען פון דיר דורך דער גאַנצער צייט, אויב דו לעבסט? קיין גרוס נישט מיט-געשיקט, קיין וואָרט, גאָר נישט!

יוסף:

איך האָב נישט געהאַט קיין געלעגענהייט.

דער פרעמדער:

עס געהט קיין פּאָסט נישט?

א צווייטער:

די גרענעצען זענען פערשפּאַרט אין אַלע לענדער. ווי אַזוי האָט ער געזאָלט צו וויסען געבען?

ר׳ נחמיה:

וואָס הערט מען דאָרט אין יענע מקומות? מיט וועמען פיהרט מען דאָרט מלחמה, מיט׳ן רוס, צי מיט׳ן דייטש?

יוסף:

ניין, דאָרט אויף יענער זייט האָט מען שוין שלום געמאַכט.

די אידען

רופען אויס:

איהר הערט, מען האָט שוין שלום געמאַכט!

ר׳ נחמיה:

וואָס, מען שלאָגט זיך שוין נישט? ווי הייסט, ווי קען דאָס זיין?

יוסף:

דאָרט איז שוין שטיל.

אלע:

שוין שטיל.

א צווייטער איד:

און וואָס הערט מען דאָרט מכּוח ברויט?

יוסף:

אין דעם נויטיגט מען זיך נישט אַזוי.

א אידענע:

וואָס, מען קריגט ביי אייך יעדען טאָג ברויט?

א צווייטע:

וואָס, מען הונגערט נישט אין יענעם לאַנד?

א איד

צום אנדערן:

וואָס רעדט ער? 

ר׳ נחמיה:

ווי הייסט? וואָס, מען קריגט דאָרט גענוג ברויט?

יוסף:

אין דעם נויטיגט מען זיך נישט אַזוי.

אַ איד:

ווי הייסט?

נחמיה:

איהר הערט, דאָך, אַז מען נויטיגט זיך נישט אין דעריין— מוז עס דאָך זיין.

אַ פרוי:

און מילך פאַר קינדערליך?

אַ יונגעל:

און בולקעליך מיט בוימאייל קריגט מען שוין דאָרט, אַזוי ווי פאַר דער מלחמה? און סטוניקס מיט יאַגדעס אויסגעפיהלט.

אַ צווייטער יונגעל

שטופט איהם אַוועק:

און קעז-קיכלעך מיט פוטער, און לעקעך מיט געפיהלעכץ, ווי די מאַמע האָט אַמאָל געטהיילט שמחת־תורה—קריגט מען שוין אויך דאָרט.

אַ איד אַ סוחר

שטופט אַוועק די יונגליך:

וואָס טויג מיר ברויט, מיט פרנסה וואָס הערט מען? האָט מען דאָרט פרנסה ביי אייך?

יוסף:

וועגען דעם זאָרגט מען זיך נישט אַזוי.

ר׳ נחמיה:

ווי הייסט?

יוסף:

יעדער איינער האָט, וואָס ער נויטיגט דערין

די אידען:

איהר הערט, יעדער איינער האָט, וואָס ער נויטיגט זיך דעריין.

אַ צווייטער איד:

וואָס בעדאַרף מען דען מיין?

א אידענע:

און מיר זיצען דאָ, אין געהאַקטע וואונדען, און וויסען
נישט, אז עס איז דאָ אַזאַ לאַנד אויף דער וועלט.

א צווייטער:

און דו הערסט, נישט ווייט, אונטער אונזער שטעדטיל.

א איד

שטופט זיך צו יוסף׳ן:

איך בעט אייך זעהר, איז עסווייט דאָהט אַריין צו געהען,
אין יענעם לאַנד אַריין?

יוסף:

ווי אַמאָל, איינעם נעהמט עס לאַנג, און איינעם נאָהנט.

ר׳ נחמיה:

ווי הייסט?

יוסף:

עס ווענדעט זיך, וועלכען וועג מען קלויבט אויס.

א איד:

הייסט איז פערהאַן אַ לאַנגער וועג און אַ קורצער.

יוסף:

אַזוי ווי איהר זאָגט.

א איד:

וואָס זיצען מיר דאָ און ווארטען אויס אויפ׳ן טויט?

א צווייטע:

מיר וואָלטען זיך אַלע צונויפגענומען און געגאַנגען אהין.

א אידענע:

אַזעלכע קלוגע אידען זיצען אַזוי נאָהנט און וויסען נישט,
אַז די ישועה איז אונטער דער טהיר.

ר׳ חנן

צו יוסף׳ן:

און פאַר וואָס זעהסט דו אויס אַזוי שוואַך, דאַר און איינ-
געשרומפען, קוים וואָס דו האַלסט דיך אויף די פיס?

יוסף:

עס איז פון בענקשאַפט נאָך אייך, מען איז אויף יענער
זייט און בענקט נאָך אייך.

די אלמנה:

אַודאי אַזוי, עס קען דען איינגעהען עפּעס, אַז מען ווייסט, אַז אייגענע פּלאָגען זיך אַזוי.

א איד:

זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי אַזוי פֿיהרט דער וועג אַהין?

ר' חנן:

נו, לאָזט איהם צו רוה, איהר זעהט דאָך, ער איז מיעד. לאָזט איהם מיט די מוטער זיין אַליין. קוקט אויף דינה'ן. צו יוסף'ן. גלויבט צו גאָט, ביסט געקומען אַהיים. אַבי מען האָט געמיינט. ברוך מחיה מתים. קוקט אויף דינה'ן. חתן-כלה האָבען זיך נישט געזעהען אַזוי לאַנג, האָבען זיך אַודאי וואָס צו זאָגען—קומט, אידען, לאָזט זיי אַליין. ר' חנן בעהמט די אידען, ווייבער און קינדער, פֿיהרט זיי פון די שטוב, זיי רעדען צווישען זיך. יוסף, דינה אַליין. די מוטער שלאָפט אין ווינקעל.

דינה:

נעמט אָן יוספ'ן ביי דער האנד:

טייערער יוסף, וואו ביסט דו געווען אַזוי לאַנג?

יוסף:

איך בין געווען אַזוי נאָהנט ביי דיר, איך האָב אָבער נישט געקענט קומען צו געהען.

דינה:

איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר.

יוסף:

איך האָב עס געוואוסט.

דינה

מיט א שמייכעל:

פון וואַנען האָסט דו עס געוואוסט, יוסף?

יוסף:

איך האָב געהערט פון יענער זייט, וואו דו בענקסט נאָך מיר. יעדען דיין קרעכץ און יעדען דיין טיעפען אויס-געשריי, בייַנאַכט אויף דיין געלעגער האָב איך געהערט. איך האָב געהערט, ווי דו רופסט מיך, און כ'האָב דיר נישט געקענט ענטפערן. איך האָב געוואָלט, נאָר נישט געקאָנט.

דינה
פערוואונדערט:
ווי אַזוי האָסט דו געהערט? ביסט דאָך געווען אַזוי ווייט.
יוסף:
אין יענעם לאַנד, אויף יענער זייט, הערען אַלע זעהר ווייט, עס טראָגט אַהין דער ווינד אַלע קולות פון אייך. דורכ־זיכטיג איז די לופט און מיר קענען פון בערגיל אַראָב זעהען אייך.
דינה:
פאַר וואָס האָסט דו נישט צו וויסען געגעבען פון דיר?
יוסף:
צום ערשט זענט איהר אַלע געווען אַזוי ווייט. איך האָב גע־מיינט, אַז איך וועל שוין קיין מאָל צו אייך נישט דער־געהען, אז שטענדיג וועט איהר בלייבען דאָ, און איך דאָרט — נאָר וואָס אַמאָל זענט איהר געקומען נעהנטער צו אונז צו געהען. און די מאַמען, און דיך האָב איך גע־זעהען אַזוי נאָהנט. איך האָב גערופען צו דיר, גערעדט צו דיר, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו האָסט געהערט מיין שטים.
דינה
שמייכעלט:
ווי אַזוי, מיר זענען דאָך געשטאַנען אויף איין אָרט?
יוסף:
עס דאַכט זיך דיר נור אַזוי, אַלע, וואָס פאָהרען געשווינד, מיינען, אַז זיי שטעהען אויף איין אָרט.
דינה:
איך ווייס נישט, וואָס דו מיינסט?
יוסף:
אין דער שטיל אונטער אונז פאָהרען מיר ערגעץ וואו גע־שווינד. מיר זעהען נישט און ווייסען נישט דערפון. דאָרט אויף יענער זייט, אין יענעם לאַנד, אַז מען קוקט צו אייך, זעהט מען, אַזוי ווי איהר וואָלט צו פייערדיקע פערד גע־

ווען איינגעשפּאַנט, און איהר נעהנטערט זיך געשווינד נעהנטער צו אונז...

ד י נ ה

לאַכט:

דו מאַכסט שפּאַס, טייערער יוסף?

י ו ס ף:

האָסט דו נישט געפיהלט, ווי דו נעהנטערסט זיך צו מיר.

ד י נ ה:

טאַקע אַזוי, אָפּט מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דו שטעהסט אונטער אונזער טהיר, אַז דו קלאַפּסט דורך דעם לאָדען אריין, אָבער דו האָסט די טהיר אויפגעמאַכט און ביסט אין שטוב אַריינגעקומען און קיינער האָט דיך נישט געזעהען, אחוץ איך, און טהיילמאָל ביסט דו געקומען ביי־נאַכט צו געהען, און ביסט געשטאַנען ביי מיין בעט און עפּעס גערעדט צו מיר, טהיילמאָל האָב איך דיך געהערט רעדען אין מיר. דיין שטימע האָב איך געהערט—און דיך האָב איך נישט געזעהען.

י ו ס ף:

דאָס האָב איך דיך גערופען, דאָרט פון יענער זייט, איך האָב גערעדט צו דיר, און איך האָב נישט געוואוסט, אויב דו הערסט מיך יאָ צי ניין.

ד י נ ה:

און דאָ האָבען אַלע געזאָגט, אַז דו ביסט שוין טויט. אַז דו ביסט אַוועק און קיינמאָל וועסטו שוין נישט צוריק־קומען צוגעהען; נאָר איך האָב נישט געגלויבט, איך האָב געוואוסט, אַז ערגעץ וואו לעבסט דו, און וואַרטסט אויף מיר.

י ו ס ף:

איך האָב געלעבט, ווידער אַמאָל האָב איך איבערגעלעבט מיין לעבען, יעדען טאָג האָב איך נאָך אַמאָל איבערגע־לעבט. יעדען טאָג און יעדע שעה.

ד י נ ה

קוקט איהם אָן פערוואונדערט:

וואָס מיינסטו, יוסף?

**יוסף:**

דאָרט אויף יענער זייט, אין יענעם לאַנד האָב איך נור געלעבט דאָס לעבען, וואָס איך האָב דאָ געלעבט. נישט קיין איין טאָג קיין נייעם, נישט קיין איין שעה, גאָר נישט מעהר איז צוגעקומען, נור דאָס, וואָס איך האָב גע־לעבט דאָ.

**דינה:**

האָסט דו קיינעם נישט געטראָפען דאָרט? איז דאָס אָרט וויסט?

**יוסף:**

מענשען זענען דאָ אַ סך, נור יעדער איינער לעבט פאַר זיך; אָבגעשלאָסען אין זיין אייגענער וועלט לעבט ער איבער נאָך אַמאָל דאָרט, וואָס ער האָט געלעבט דאָ. איך האָב געדענקט יעדען קוש, וואָס דו האָסט מיר געגעבען, יעדען בליק פון דיינע אויגען און יעדען ריהר מיט דיין האַנד—יעדען גאַנג און יעדען שטעה. ווי דו האָסט גע־לאַכט און ווי דו האָסט געוויינט, אַלעס האָב איך נאָך אַמאָל איבערגעלעבט, יעדע פרייד און יעדען צער.

**דינה:**

און וועגען אונזערע קומענדע טעג האָסט דו גאָר נישט גע־קלעהרט?

**יוסף:**

איך האָב נור געקלעהרט וועגען דעם, וואָס איז געוועזען.

**דינה:**

פאַר וואָס רעדסט דו בלויז פון דעם, וואָס איז געוועזען, פאַר וואָס רעדסט דו נישט פון דעם, וואָס וועט זיין? מיר זענען דאָך נאָך ביידע אַזוי יונג און אַזוי פיעל שטעהט אונז פאַר.

**יוסף**

שווייגט.

**דינה:**

פאַר וואָס שווייגסט דו, יוסף? פאַר וואָס קושסט דו מיך נישט? צייט דו ביסט אַהיים געקומען, האָסט דו מיך נישט גע־קושט.

יוסף:

איך זאָל דיך קושען?

דינה:

אַזוי ווי אַמאָל.

יוסף

יוסף קושט זי אויפן שטערן.

דינה

מיט שרעק:

פאַר וואָס זענען אַזוי קאַלט דיינע ליפּען? און דיינע הענט ווי שטיקער אייז. — קוקט איהם אָן. פאַר וואָס ביסטו אַזוי בלייך? איך ערקען דיך נישט באַלד.

יוסף:

עס איז פון בענקען, דינה. מיר זענען דאָרט אויף דער צווייטער זייט און מיר בענקען נאָך אייך, גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט בענקען מיר נאָך אייך. דאָס בענקען צערט אונז אויף, און מיר זעהען אויס אַזוי שלעכט.

דינה:

וועמען מיינסט דאָס, מיר אַלע

יוסף:

די אַלע, וואָס געפינען זיך אויף דער צווייטער זייט.

דינה:

זענען פיעל היימישע דאָרט?

יוסף:

פיעל פון דאַנען, וועלכע מען מיינט, אַז זיי זענען טויט לעבען דאָרט.

פויזע.

דינה:

איז גוט דאָרט?

יוסף:

נישט גוט און נישט שלעכט, אַזוי ווי עס בעדאַרף צו זיין.

דינה:

און וואו וועלען מיר זיין, דאָ, אָדער דאָרט?

יוסף:

איך בין געקומען נאָך דיר צו געהען. ווי אַזוי האָב איך געקענט איינזיצען, אַז איך האָב געוואוסט, אַז אייך איז אַזוי שלעכט דאָ?

דינה:

ווילסטו מיך אַהין נעהמען דאָרט?

יוסף:

מיט מיר אין יענעם לאַנד, פון וואַנען איך קום צוגעהען.

דינה:

עס איז אַזוי ווייט, און אַזוי פרעמד, פון אַלעם וואָס דו פערצעהלסט.

יוסף:

עס ווערט וואָס אַמאָל מעהר בעקאַנט איבער דער וועלט.

דינה:

וועט דער פאָטער מיטגעהען?

יוסף:

פאַר איהם איז נאָך צייט.

דינה:

ווי אַזוי וועלען מיר זיין אַליין אָהן משפחה, און אָהן פריינד?

יוסף:

זיי קומען, זיי קומען. אַלע קומען דאָרט אַהין צו געהען.

פויזע.

דינה:

איז שווער דעם גרענעץ איבערצוגעהען?

יוסף:

אַהין איז די גרענעץ אָפען. צוריק איז זי פערשפאַרט.

דינה:

מיט בענקשאַפט:

וועלען מיר שוין מוזען דאָרט אייביג זיין? קיינמאָל שוין נישט קענען צוריק?

יוסף:

אַזוי וועט עס זיין.

ד י נ ה

מיט בענקשאפט:

פאַר וואָס מוזט דו צוריק, בלייב דאָ מיט אונז?

י ו ס ף:

איך האָב געגעבן מיין וואָרט, איך וועל קומען צוריק.

פויזע.

ד י נ ה:

און ווי וועלען מיר לעבען דאָרט?

י ו ס ף:

אין אונזער אייגען הויז.

ד י נ ה:

איז עס גרויס?

י ו ס ף:

ניין. פונקט פאַר אונז ביידע אַליין.

ד י נ ה:

ווי שטעהט עס?

י ו ס ף:

אין אַ וועלדיל, אויף אַ בערגיל, הינטער דער שטאָדט—און זומער בעשיינט עס די זון, און ווינטער דעקט עס צו דער שניי.

ד י נ ה

פרעהט זיך:

אוי, ווי שעהן.

י ו ס ף:

ווילסט עס זעהן?

ד י נ ה:

מען קען עס פון דאַנען זעהן?

י ו ס ף:

עס איז נאָהנט פון דאַנען.

ד י נ ה:

וואו?

י ו ס ף

ווייזט איהר אויפן הימעל.

דינה

מיט שרעק:

אויפ'ן הימעל.

יוסף:

דאָרט אויבען געפינט זיך אונזער לאַנד.

דינה

פערוואונדערט:

אויפ'ן הימעל?

יוסף:

קוק דיך איין, און דו וועסט אונזער שטיבעל זעהען.

דינה

קוקענדיג אין הימעל אריין:

וואו?... וואו?... איך זעה גאָר נישט מעהר, נור וואָלקען ציהען זיך, בלאָע וואָלקען ציהען זיך, ווי געדיכטע טונקעלע שלייערס, און שלייערן די לבנה אַרום.

יוסף:

דאָרט ווייטער, זעהסט דו ניט אַ וואַלד? ביימער שטייגען אַריבער איינער העכער דעם צווייטען, בעשאָטענען מיט זייערע קרוינען-קעפּ אַ בלאָ לויכטענדיג שטיק פעלד. און זעהסט דאָרט אַ בערגיל שטעהען אין בלאָען שאָטען איינגעהילט?

דינה

קוקט זיך איין:

דאָרטען ביי דעם בלאָען טייכעל, ווי אַזוי קומט מען דאָרט אַהין?

יוסף:

מען שיפט זיך מיט אַ וואָלקענדיל צו.

דינה

הערט זיך איין:

און ווער זינגט דאָרט אַצונד? איך הער אַ געזאַנג, אַ שטיל, שטיל געזאַנג.

יוסף:

דאָס זינגט מען פון יענעם לאַנד אַהער.

דינה:

מען רופט אונז.

יוסף:

דאָרט אַהין. יוסף און דינה קוקען אין הימעל אריין און הערען זיך איין א ווײלע.

דינה

כאפט זיך אויף ווי פון שלאָף, קוקט זיך מיט שרעק אום:

וואָס איז עס געווען, יוסף? וואו בין איך געווען?

יוסף:

נישט ווייט פון דאַנען, נישט ווייט.

דינה:

דו האָסט גערעדט אַזוי פרעמד, און איך האָב געהערט אַזא געזאַנג. קוקט זיך איין צו יוסף׳ן. איך האָב מורא פאַר דיר, יוסף.

יוסף:

עס האָט זיך דיר נור געחלומ׳ט, דו האָסט אייגגעדרימעלט.

דינה:

און עס איז געווען אַזוי גוט, איך וויל דאָך, אַז עס זאָל אַזוי זיין, און פאַר וואָס האָב איך מורא, יוסף?

יוסף:

עס איז דאָך נאָך פרעמד, עס וועט דיר ווערען וואָס מעהר בעקאַנט.

דינה:

וועט עס זיין אַזוי, ווי מיר האָבען געזעהען?

יוסף:

געוויס.

דינה:

אוי, ווי גוט, נור שווייג שטיל, קיינעם נישט זאָגען דער־פון, עס איז אונזער סוד. אין דער שטיל. איך האָב מורא פאַר׳ן פאָטער מיינעם, ער איז אַזוי שטרענג, ער וועט נישט דערלאָזען דערצו, איך זאָל געהען מיט דיר.

יוסף:

מיר וועלען האַלטען סוד.

**דינה:**

גוט, יוסף. דריקט איהם די האנד. שווייג, מען געהט. רוקט זיך אָב פון איהם. פ—ס—קיינעם קיין וואָרט.

**די אלמנה**

קומט אריין:

איך בעט אייך איבער טויזענד מאָל, וואָס איך האָב אייך געשטערט, נור נישט געקענט זיך לענגער איינהאַלטען. יוסף האָט געזאָגט, ער האָט אַ גרוס צו מיר פון מיין מאַן, בין איך געקומען דעם גרוס אָבנעהמען. געלאָזט מיך מיט די פיצעלקע אליין, און דאָ ווייסט מען נישט וואו ער איז, צי טויט, צי לעבעדיג; איינער זאָגט ער איז טויט, דער צווייטער—ער לעבט.

**יוסף:**

ער האָט בעפויהלען, אַז ער האָט זיך זיין אַ אייגענע נחלה געקויפט.

**די אלמנה**

מיט פרייד:

גרויס?

**יוסף:**

נישט גרויס און נישט קליין, פונקט ווי עס בעדאַרף צו זיין.

**די אלמנה:**

און דאָ זיצט מען און מען געהט אויס פאר אַ שטיקעל ברויט. געלאָזט אונז אין צרות און דחקות און נויט, און ער וואוינט זיך דאָרט אין זיין אייגענע היים.

**יוסף:**

ער קלעהרט, טאַקע, וועגען אריבערברענגען אייך מיט די קינדערליך צו איהם.

**די אלמנה:**

קלעהרט ער יאָ?

**יוסף:**

ביי טאָג און ביי נאַכט, עס לאָזט איהם קיין רוה נישט.

די אלמנה

מיט אַ טרער:

מיין אָרימער מאַן. אודאי אַזוי, מ׳שטיינס געזאָגט אַ לעבען, עס קען איהם עפּעס איינגעהען גוטס, ווען ער ווייסט, וואו ער האָט אונז געלאָזט?

יוסף:

דאָס גיט איהם נישט קיין רוה.

די אלמנה:

און ווי געהט עס איהם דאָרט?

יוסף:

נישט גוט און נישט שלעכט, פּונקט ווי עס בעדאַרפט צו זיין, אין וואָס ער נויטיגט זיך, דאָס האָט ער.

די אלמנה:

אויף אונז געזאָגט, וואָס בעדאַרף מען דען מעהר? קלעהרט ער נור עפּעס וועגען אַתכלית?

יוסף:

דאָס איז זיין גאַנצע זאָרג.

די אלמנה:

און ווען רעכענט ער אונז אַהין צו נעהמען צו זיך? ווי לאַנג איז דער שיעור?

יוסף:

ביי די ערשטע געלעגענהייט, ביי די ערשטע געלעגענהייט.

ר׳ חנן

קומט אריין מיט צוויי דריי אידען בכבוד׳טע לייט:

יוסף, יוסף, קום נור אַהער, זיי מוחל. יוסף געהט צו. דאָס זענען בכבוד׳טע לייט. ווייזט אויף די אידען. סוחרים היגע, ווילען זיך אויף געשעפט אויספרעגען. צו די אידען, אויף יוסף׳ן. מיין חתן האָט אַ ב׳אויג.

די סוחרים

צו יוסף׳ן:

שלום עליכם.

יוסף:

עליכם שלום.

ערשטער סוחר:
צו יוסף'ן:

מיט וואָס האַנדעלט מען דאָרט ביי אייך, אין יענע מקומות?

יוסף:

יעדער איינער מיט וואָס ער האָט געהאַנדעלט אין דער היים.

צווייטער סוחר:

קריגט מען אפשר דאָרט ביי אייך נעגעל צו קויפען?

יוסף:

עס זענען דאָ סוחרים פון נעגעל.

דער דריטער:

און וואָל?

יוסף:

סוחרים פון וואָל זיינען אויך פערהאַן.

צווייטער:

אָקסען און שעפּסען?

יוסף:

סוחרים פון אָקסען און שעפּסען פעהלען אויך נישט.

ערשטער:

סוחרים זענען גאָר נישט. זענען דאָרט פערהאַן בכבוד'ע לייט, וועלכע מ'קען אָנפערטרוי'ען? מיט איין וואָרט, מען קען אין געשעפט געהען?

יוסף:

אָ, וועגען דעם זאָלט איהר זיך נישט זאָרגען, די בכבוד'סטע לייט, סוחרים גרויסע, בטוחים, באַנקירען בעריהמט אין דער גאַנצער וועלט.

ערשטער:

סוחרים זענען גאָר נישט. וואָס פאַרע א וואַלוטע געהט דאָרט, רובעל'ס אָדער מאַרקען, קרוינען אפשר?

יוסף:

געלד געהט דאָרט אַלערליי, פון יעדען לאַנד און יעדער מדינה קומט מען דאָרט אַהין צו געהען.

ד ר י ט ע ר:

געלד איז גאָר נישט, פרנסה אָבער איז פערהאַן?

י ו ס ף:

יעדער איינער האָט וואָס ער בעדאַרף.

ד י ס ו ח ר י ם:

וואָס בעדאַרף מען דען מעהר אין היינטיגער שלעכטע צייט?

ד ר י ט ע ר ס ו ח ר

כאַפּט יוספ'ן אין א זייט:

יונגערמאַן, מיר קענעןביידע נתעשר ווערען, ווען מען קען אָקסען און שעפּסען אויפקויפען און דאָ אהער ברענגען. עס איז אַ גרויסער עסק, מיט גאַלד צו גלייך.

צ ו ו י י ט ע ר

רייסט זיך צריין:

ווי אַזוי וועסט די' עס אַריבערברענגען? ווי אַזוי איבער די גרענעץ פיהרען?

ד ר י ט ע ר ס ו ח ר:

דאָס רעדט מען דאָך טאַקע, מען מוז אַ פּאָרטעל אויס-געפינען, יונגערמאַן. מיר קענען נתעשר ווערן.

צ ו ו י י ט ע ר ס ו ח ר

שלעפּט יוספ'ן אין אַ זייט.

וואָס אָקסען, וואָס שעפּסען, ווען מען קען אַ וואַגאָן נעגעל אַריבער עקספּעדירען, אָדער וואָל-לייוועגד.

ע ר ש ט ע ר ס ו ח ר

שלעפּט יוספ'ן:

וואָס מיר נעגעל, וואָס מיר וואָל!—אַ גראָשענדיקער מסחר. איך האָב אַ זאַק אָנגעפּאַקט מיט אַסיגנאַציעס פיעל, רו-בעל'ס אַלעריי, צאַרסקע, קערענסקע און סאָוועטסקע, דייט-שע מאַרקען, קרוינען אַ שעניק פיעל. איך שלאָף אויף זיי. מען קען דאָס אויף יענער זייט פיהרען. מיר קענען דאָך אַלע נתעשר ווערען.

ד י ס ו ח ר י ם:

וואָס זיצען מיר דאָ? וואָס שווייגען מיר, וואָס שלאָפען מיר? לאָמיר בעהמען דעם יונגען מאַן און געהען אהין.

ר׳ חנן:

מיר דאַרפֿען די זאַך גוט איבערקלערען, גוט איבערלעגען.

געהען אַב און רעדען צווישען זיך.

ר׳ נחמיה:

קומט אַריין ווי אַריינגעגנב׳עט. געהט צו צו יוסף׳ן. זייט מוהל, איך האָב אייך געוואָלט עפּעס פרעגען.

יוסף:

איך הער.

נחמיה:

איך בין אַן׳אַלטער מאַן, זאַט מיט צרות, פיעל אויסגעשטאַנען אין מיין לעבען, אַרומגעוואַלגערט זיך איבער דער מדינה, און די לעצטע יאָהרען וואָס נישט איבערגעלעבט? ווען קען עס אַלעס געדענקען. איך בין מיעד און וויל אויסרוהען מיינע אַלטע ביינער. איז נישט פערהאַן דאָרט אין יענער מדינה, פון וואַנען איהר קומט, אַ בית-המדרש, אַ חברה, אַ שוהל, אין וועלכען אַלטע אידען זיצען, ווי אין אַמאָליגע צייטען, און לערנען אַ בלאַט גמרה, אַ פרשה חומש, אָבער זאָגען אַ קאַפּיטעל תהילים? און עס געפינען זיך גוטע פרומע לייט, וואָס העלפען אויס אַן׳אַלטען אידען מיט אַ לעפעל געקעכטס, מיט אַ שבת אַמאָל, אַ העמד אין מקוה אַריין, ווי אַמאָל אין די אַלטע גוטע צייטען?

יוסף:

אַלטע לייט זיצען אין בית-המדרש און לערנען דאָרט טאָג און נאַכט.

ר׳ נחמיה:

אַזוי! זענען בתי-מדרשים אויך פערהאַן דאָרט?

יוסף:

פונקט ווי דאָ. נור מיט מעהר רחבות, בעלויכטען מיט גרויסע, גרויסע ליכט, און אַלטע אידען פון גאַר דער וועלט מיט לאַנגע ווייסע בערד, אין קיטעל און טלית איינגעהילט, געזיכטער בעלויכטען מיט דעם שכינה-שיין זיצען ביי גרויסע, ברייטע טישען אַרום. גרויסע גמרות

זענען אויפגעשלאָגען פּאַר זיי, און לערנען מיט זינגענדיגע ניגונים.

ר׳ נחמיה:

(וואונדערט זיך:)

אַזוי! זענען אידען לומדים דאָרט אויך פערהאַן? תּלמידי־חכמים, רבנים? הע?

יוסף:

גאונים פון גאָר די גאַנצע וועלט, די גרעסטע קעפּ און די שענסטע אידען.

ר׳ נחמיה:

ש — אַזוי? אַ וואונדער, ביט געהערט דערפון! פון דאגות פּרנסה בעפרייט, הע? מיט אַנדערע מאַטערנישען?

יוסף:

דאָס איז אַ קלייניגקייט. אויסגעטאָהן פון אַלע דאגות פון דער וועלט, לעבען זיי נור בלויז אין רוחניות.

ר׳ נחמיה:

אַזוי! איז עס וייט דאָרט אַהין? מען זאָגט, עס איז דעם גרענעץ שווער איבערצוגעהען, הע?

יוסף:

אָ, אַ אויסגעטרעטענער וועג.

ר׳ נחמיה:

אויב אַזוי, וואָס זיצען מיר דאָ, אין דחקות און נויט, און פון גאָר נישט קיין צייט צו קלעהרען, נור וועגען דעם אָרי־מען שטיקעל ברויט? עס נעהמט דאָך אַוועק דעם גאַנצען חוש, און קיין צייט נישט פאַר אַנדערע זאַכען, העכערע ענינים, נור שטענדיג איינגעטונקט אין הבלי־הבלים פון דער וועלט. אם ירצה השם, באַלד נאָך שבת אין אָנהויב פון וואָך נעהם איך מיין שטעקען און זעקעל און לאָז זיך אין וועג אַריין. איך וועל אייך נור בעטען, אַז איהר זאָלט אַזוי גוט זיין מיר ווייזען דעם וועג.

יוסף:

אָט דאָ נישט ווייט, הינטערן שטעדטיל, אויפן בערגיל אין דעם וועלדיל, וועט איהר זעהען אַ שטעג.

ר׳ נחמיה:

דאָרט אַרום מיינט איהר? יאָ, איך פערשטעה.

ר׳ חנן

איז בעשטאַנען די גאַנצע צייט און צוגעהערט זיך צום געשפּרעך פון דער ווייט, קומט צו:

וועגען וואָס רעדט איהר דאָס?

ר׳ נחמיה:

וועגען אַ וויכטיגען ענין. צו יוסף׳ן. און עס איז דאָך געווען אַזוי אויבען־אויף! — אַה, אַ שענעם דאַנק אייך פאַר דעם גוטען וואָרט. געהט אָב.

ר׳ חנן

צו יוסף׳ן:

עפּעס פערשטעה איך יאָ, און עפּעס פערשטעה איך נישט. אין גאַנצען קומט מיר די זאַך אויס קשה׳דיג. אַלזאָ, וואָס רעכענסט דו צו טהאָן?

יוסף:

צוריק צו געהען דאָרט.

ר׳ חנן:

איז עס ביי דיר אַ אָבגעמאַכטע זאַך?

יוסף:

איך האָב דאָך דאָרט מיין מקום.

ר׳ חנן:

איך וועל דיר זאָגען מיט אַן־אמת, עפּעס אַלעס קומט מיר פאָר אַזוי פרעמד און אָהן בעקאַנט, וועגען אַלדינג וואָס דו פערצעהלסט. איך ווייס נישט, אויב איך קען לאָזען אַ קינד אין אַזאַ אונבעקאַנט אָרט, אין היינטיגער אונרו־היגער צייט.

יוסף:

עס איז דאָך דאָס איינציגע רוהיגע ווינקעל אויף דער וועלט.

ר׳ חנן:

יאָ, דאָס קען שוין זיין, אָבער אַלעס, וואָס דו פערצעהלסט, איז עפּעס אַזוי. איך ווייס נישט, ווען איך וואָלט דיך נישט געקענט, און נישט געוואוסט, ווער דו ביסט, וואָלט איך

דיך געהאַלטען, ווייס איך פאַר וואָס. איך וויל נישט איבער־
רעדען די רייד. אין היינטיגער צייט, מען הערט אַזעלכע
אויסטערלישע זאַכען איבער דער וועלט. גאָט איינער ווייסט־
וואָס וועט זיין.

יוסף:

מחותן, איך מיין עס גוט, דאָ איז דאָך אַלעס אין דער לופט.
די וועלט טרייסעלט זיך, מען ווייסט נישט, וואָס מאָרגען
וועט זיין, בהלות און מגפות, הונגער און נויט. איידער
אַזאַ לעבען, איז דאָך שוין גלייכער דער טויט.

ר׳ חנן:

דאָס איז אמת, נור דאָס זענען אַלס בעקאַנטע זאַכען, מען
ווערט געוואוינט דערצו. פון דעם אָבער, וואָס דו פערצעהלסט,
איז אַזוי נישט בעוואוסט. עפּעס זאָגסט דו נאָהנט, און דאָך
ווייט, בעקאַנט און פרעמד. מען ווייסט אייגענטליך נישט, וואָס
פאַרע לאַנד דאָס איז, פונוואַנען דו קומסט.

יוסף:

אָ, עס ווערט וואָס אַמאָל מעהר בעקאַנט איבער דער וועלט,
מענשען געהען דאָרט אַהין פון איבעראַל. אַלע, וואָס אַנט־
לויפען פון נויט, געפינען דאָרט אַ רוה; און היינט איבער
דער קריג—ווער איז נישט געקומען דאָרט אַהין, יונג און
אַלט, ווייב און קינד.

ר׳ חנן:

יאָ, אָבער עס איז קיינער ביז איצט נישט געקומען צוריק
אַהוץ דו.

יוסף:

דאָס איז דערפאַר, וואָס די גרענעץ איז פערשפּאַרט.

ר׳ חנן:

קען שוין זיין, נור צייט דו האָסט מיט דינהאָן גערעדט,
פיהלט זי נישט גוט.

יוסף:

קלאָגט זיך אויף עפּעס? טהוט איהר עפּעס וועה?

ר׳ חנן:

ניין, דאָס ניט, נור רעדט אַזעלכע מאָדנע רייד, האַלב פער־

שטעלט, ווי זי וואָלט פון חלום גערעדט, פון וואָרימקייט, חלילה. איך ווייס נישט, וואָס דעם קינד איז.

יוסף

שווייגט.

ר׳ חנן:

און דער גאַנצער עסק געפעלט מיר נישט. יענעם מקום דאָרט וועסט דו דיר בעדאַרפען פון קאָפּ אַרויסשלאָגען, וועסט בלייבען מיט אונז. גאָט וועט העלפען, מיר וועלען אַדורכ־שטופען די שלעכטע צייט.

יוסף:

איך קען נישט דאָ זיין.

ר׳ חנן:

פאַר וואָס? ווי אַלע אידען וועלען זיין, וועסט דו אויך זיין. זעהסט דאָך, מען לעבט דאָך ביי אונז, גאָט צו דאַנק.

יוסף:

איך מוז צוריק אַהין.

ר׳ חנן:

וואו?

יוסף:

דאָרט, פון וואַנען איך קום.

ר׳ חנן:

פאַר וואָס?

יוסף שווייגט

ר׳ חנן:

וואָס, דו האָסט געגעבען אַ וואָרט, צוגעזאָגט, צי וואָס?

יוסף שווייגט.

ר׳ חנן:

עס מוז דאָך עפּעס זיין. רעד, וואָס שווייגסטו, וואָס?

יוסף שווייגט.

ר׳ חנן:

נו, בעדאַרפסט נאָך נישט צוריקגעהען היינט, עס איז דאָך נאָך צייט. מיר וועלען נאָך רעדען דערפון, דערווייל האָב מיר אַ גוטע נאַכט. די מאַמע דיינע איז אַליין. דינה, קום.

דינה קומט צו צום פאָטער.

ר׳ חנן

אין דער שטיל:

עפּעס וואָס געפעלט מיר נישט, עפּעס וואָס מוז דאָ זיין, טאָכטער, קום פון דאַנען געשווינד. דינה וואקלט זיך אויף די פיס. וואָס איז דיר, דינה, וואָס ביססו אַזוי בלייך געוואָרען? זעה, דו קענסט דאָך נישט שטעהען אויף די פיס.

א אידענע לויפט נאָך וואסער. ר׳ חנן קוקט אָן יוספ׳ן. יוסף שווייגט.

א געוואלד פון דרויסען, אלע הערען זיך איין. א אידענע קומט אריין:

ר׳ חנן, געשווינד, דער אַלטער ר׳ נחמיה איז געפאַלען אין דער שוהל.

ר׳ חנן:

ער איז דאָך ערשט דאָ געוועזן?

א אידענע

קומט אריין מיט א געוויין:

ביי שרה׳ן איז געשטאָרבען אַ קינד.

ר׳ חנן

כאַפּט דינה׳ן און לויפט ארויס מיט איהר.

קום געשווינד, די העכסטע צייט. איך וועל דיך נישט לאָזען, מיין קינד, מיט איהם געהען. אנטלויפט מיט דינה׳ן. די ווייבער לויפען ארויס מיט שרעק. עס בלייבט איבער יוסף מיט די מוטער אליין.

יוסף

שווייגט א ווילע, נעהט דאן צו לאנגזאם צו דער מוטער און זעצט זיך ביי איהר שעניק אוועק:

אַ גוטען אָבענד, מאַמע.

די מוטער:

ווער איז דאָרט?

יוסף:

דאָס בין איך, דיין קינד.

מוטער:

בין אַלט געוואָרען און מיעד.

יוסף:

איך בין דיך געקומען נעהמען אַהיים.

מוטער:

וואו אהין, מיין קינד?

יוסף:

נור איין שפאַן, איבער די שוועל.

מוטער:

וועל איך דאָרט גוטע שכנים האָבען?

יוסף:

אַלע דיינע גוטע פריינדין.

מוטער:

ווער, מיין קינד?

יוסף:

דיין חברטאָרין רחל לאה וועט דיין שכנ'תע זיין אויף רעכטס.

מוטער:

ווער, רחל לאה, מיט וועלכע איך האָב זיך קינדערהייט אין זאַמד געשפּיעלט און צו איין זאָגערין געגאַנגען עברי לערנען? זי איז דאָך קיין אַמעריקאַ אַוועק, די קינדער האָבען זי דאָך אַהין אַראָבגענומען.

יוסף:

געקומען פון אַמעריקאַ צו אונז אַהין.

מוטער:

קומט מען פון אַמעריקע אויך צו אייך?

יוסף:

פון דער גאַנצער וועלט.

מוטער:

אַ גרויס מקום מוז עס זיין. און ווער נאָך, מיין קינד?

יוסף:

חיה־ראַצע, וואָס האָט געהאַלטען דאָס געוועלבעל ביי אונז?

מוטער:

וועלכע, די וואָס האָט אויף יעדען פרייטאָג געגעבען אַ פונט ליכט אין בית-מדרש אריין?

יוסף:

אָט טאַקע די.

מוטער:

איז גאָר דאָרט? כ׳האָב נישט געוואוסט.

יוסף:

זי וועט דיין שכנ׳טע זיין.

מוטער

שמייכעלט גוטמוטיג:

וואו, אויפ׳ן גוטען אָרט?

יוסף:

ניין, טאַקע דאָרט.

מוטער:

און וואו האַלט עס דאָרט מיט אידישקייט, מיין קינד? בענטשט מען פרייטאָג צו נאַכטס ליכט, ריכט מען שבת אָב? און די דינים פון חיי-אדם? איך וויס, מען זאָגט אין די ווייטע מקומות האָבען די קינדער פאַרגעסען אָן אידישקייט.

יוסף:

שרה, רבקה און לאה זענען די זאָגערקעס אין די וויי-בער-שוהל.

מוטער:

ווער, שרה, רבקה, לאה, פון טייטש-חומש אַרויס, זענען ביי אייך?

יוסף:

מיט נאָך פיעל פרומע ווייבער, הייליגע אמהות.

מוטער:

אָ ווא... און חנה מיט די זיבען זיהן?

יוסף:

וואוינען מיט די רביצין אין בית-המדרש-געסעל ניט וויט פון דער שוהל.

מוטער:

קומען זיי אין שוהל אריין?

יוסף:

יעדען שבת אין דער פריה.

מוטער:

וועט מען מיך לאָזען דאווענען אין דער שוהל?

יוסף:

האָסט דיין שטאָדט דאָרט אָנגעגרייט

מוטער:

אויב אַזוי מוז איך מיר מיטנעהמען מיין יידענעם קאַפּטען, מיטן טשעפּטשיק, און דער גאָלדענער קאָליע. אַ קליינגקייט מיט אַזעלכע וואַזשנע פּאַרשוינען צו דאַווענען אין איין שוהלו יאָ, און דעם סידור מיט'ן טייטש־חומש בינד מיר איין, די ברילען זאָל איך נור נישט פערגעסען. דו וועסט מיר דעם סידור אין שוהל אַריין טראָגען, ווי אַמאָל אין דיינע קינ־דער־יאָהרען.

יוסף:

וועסט מיר דערפאַר אַ צוקער־קיכעל מיט ראָזשינקעס געבען.

מוטער:

דו געדענקסט, מיין קינד?...

יוסף:

איך מיט'ן טאַטען וועלען אין דער מענער־שוהל דאַווענען.

מוטער:

און איך וועל אַראָבקוקען פון דער ווייבער־שוהל.

יוסף:

אַזוי ווי אַמאָל.

מוטער:

אַזוי ווי אַמאָל.

פּויזע.

מוטער:

מען דאַרף זיך, קינד, אין וועג קלויבען, בעצייטענס אויף שבת אָנצוקומען. עס ווערט שפּעט, עס ווערט שפּעט.

יוסף:

גיב די האַנד, מאַמע.

מוטער:

וואו אַהין פיהרסט דו מיך, מיין קינד?

יוסף:

אין וועג אַריין, אין וועג אַריין.

(פאָרהאַנג פאַלט).

# דריטער אַקט.

אַ שייד־וועג, פון דערווייטענס אין פערטונקעלטע נעבעלס זעהט מען אַ אבגעהאקטען־בוים. — פון ביידע זייטען וועג לויכטענדע וואָלקענס. — שטעדט אויף בערגליך פון דערווייטענס. — צווישען טאָג און נאכט. — אלעס איז באַגאָסען מיט טונקעל־שיין.

עס קומען אָן ייכף מיט די מוטער,

**מוטער**

געהט זעהר לאנגזאם, אַנגעטהאָן אין שבת'דיג'ען קאַפּטען מיט אַ נייע קובקע.

יוסף געהט איהר נאָך, טראָגענדיג איהר סידור און טייטש-חומש אין אַ טיכעל איינגעבונדען.

**יוסף:**

מיר זענען אָנגעקומען צו דער גרענעץ, מאַמע. דו זעהסט אָט יענעם שלאַג-בוים, דאָרט איז דער וועג, דאָרט מוז דו געהען אַליין, איך בעדאַרף דאָ וואַרטען אויף אַנדערע לייט.

**מוטער:**

וואו זאָל איך געהען, מיין קינד?

**יוסף:**

רעכטס, מוטער, צו יענעם שטעג. וועסט דו זעהען אַ וועג גלייך אין דער שוהל אַריין.

**מוטער**

פּרובט געהען:

עס איז מיר אַזוי פינסטער אין די אויגען, איך זעה גאָר נישט, מיין קינד.

**יוסף:**

טהו אָן די ברילען. האָסט דאָך שטענדיג געזעהען דורך זיי, אין טייטש-חומש לייענען, אין סידור דאַווענען, וועסט אפשר אויך זעהען דורך זיי דעם וועג.

**מוטער:**

וואו האָסט דו זיי, מיין קינד? איך האָב זיי פערגעסען אין דער היים.

**יוסף:**

זיי זענען אין דיקען קרבן-מנחה-סידור, ביים „מעבר יבוק" איינגעלעגט. די מוטער נעהמט ארויס די ברילען פון סידור און טוהט זיך זיי אָן.

מוטער:

האָסט רעכט, מיין קינד. אוי, וואָס פאַרע ליכטיגער וועג! ווי שבועות אין דער פריה. און ווי עס שמעקט, מיין קינד, ווי שבועות אין דער שוהל.

יוסף:

דאָס איז דער וועג, דאָס איז דער וועג.

די מוטער:

און דאָ שטעהט דאָך שוין די שוהל, צוויי גבאי׳טעס זיצען אויפן שוועל, פערשפרייטען בשמים פון די שירצען ארויס.

יוסף:

עס איז פאַר דיר, מאַמע, פאַר דיר, מאַמע.

מוטער:

איך וועל בעטען ביי זיי רשות. זי רעדט, ווי זי וואָלט וועם געזעהען. זייט געגריסט, הייליגע אמהות. איך, אייער דינסט־מויד דבורה בת לאה, קלאַפּ אָן אין דער טהיר פון דער הייליגער שוהל, איך וויל ביי אייך דאַוונען אין שוהל. האָב מיין אייגענעם סידור, מיין טייטש־חומש מיטגעבראַכט, און ווען מען וועט בעדאַרפען, קען איך ברוך השם זאָגען. איך וועל שטעהען ביי דער טהיר, בין נור אַ אָרימע פרוי. אַ שענעם דאַנק אייך. גאָט זאָל אייך בעצאָהלען דער־פאַר. צו יוסף׳ן פון וועג. אַ גוטען שבת, מיין קינד, און ווען דו וועסט דעם טאַטען בעגעגנען, זאָלסט דו איהם זאָגען, די מאַמע איז אין שוהל געגאַנגען דאַוונען. ווערט פערשוואונדען אין די טונקעלהייטען.

פויזע.

פון וועג אָן קומט דער סוחר מיט אַ פּעקיל אויפן פּלייצע.

דער סוחר

צו יוסף׳ן:

איך האָב אין זאַק מיין גאַנץ פאַרמעגענס איינגעפּאַקט און בין געקומען אָהן זיי — געשעפטען איז גוט צו מאַכען אַליין. איך האָב רוסישע רובעל׳ס פּיעל — צאַרסקע בלויז, ניט היינט־מאָדישע פּאַפּירליך, מיטן קרוין און אונ־טערשריפט. און היינט דייטשע מאַרקן מיט׳ן קייסער׳ס אָד־

לער, און קרויגען סאַמע טויזענד שטיקער מיט נומער׳ס, איינס אין איינס, עס זאָל מיר זיכער זיין די גרענעץ אי־בערצוגעהען מיט זיי.

יוסף:

איהר בעדאַרפט וואַרטען ביז די לבנה וועט אונטער די וואָלקען אַרונטער.

סוחר:

איך פערשטעה, מיט אַזוי פיעל געלד, איז גלייכער אין דער פינסטער. וועל איך דערווייל אויפ׳ן שטיין זיך זעצען און מיין געלד ציילען, זעהען, אויב דער חשבון איז ריכטיג.

עס ווערט טונקעל.

יוסף:

עס איז נישטאָ קיין צייט, מען דאַרף געהען אין וועג אַריין.

סוחר:

וואו איז דער וועג?

יוסף:

אָט־דאָרט, וואו איהר זעהט דעם שלאַג־בוים.

סוחר

לאָזט זיך אליין:

עס איז אַזוי פינסטער אַרום, מען זעהט קיין וועג, מען זעהט קיין שטעג. ווענדט זיך צוריק צו יוספ׳ן. זאָגט נור, יונגער־מאַן, איז גור דער וועג זיכער? איז עס נישט אַ סכנה מיט אַזוי פיעל געלד צו געהען דאָ אַליין?

יוסף:

פיעלע סוחרים זענען פאַר אייך געגאַנגען דאָ דורך דעם וועג.

סוחר:

אַזוי? טאַפּט זיך. גאָט צו דאַנקען, מיין געלד איז גאַנץ, איך פיהל עס אויף מיין לייב. אָבער זאָגט נור, יונגערמאַן, איז נישט דאָ אַ שומר, ווער עס זאָל דעם וועג מיך בעגלייטען, מיט אַ לאַמטער, מיט אַ שטיקעל ליכט? איך וועל בעצאָהלען.

יוסף:

קלימפּערט מיט די טאַשען, הערט מען אייך הערען. סוחר טהוט דאָס.

סוחר:

אָ, מענשען קומען אַקעגען, יעצט בין איך אויפ'ן ריכטיגען וועג. פוהרען פאָהרען, סוחרים מיט בודען, סחורות ברעכען זיך אונטער די אַקסען, און זעה די אָקסען און זעה די שעפּסען, וואָס מען פיהרט אין שטאָדט אַריין. עס מוז זיין אַ שטאָדט אַ כּרך. און יאָהרמאַרק הייגט, הע, דער יעשען־יריד. זעה די פוהרען מיט די פעלצען! און דאָס וואָלען געצייג מיט די שאַלען און טוכען! זעה די פערד. זעה די שאָף! עסקים גרויסע שטעהען פאָר. מיין געלד איז גוט. עס וועט, אם ירצה השם, פרנסה זיין איבערן מויל, איבערן מויל. פערשווינדט דורך דעם שלאַג־בוים.

עס קומען אָן די אלמנה מיט צוויי קינדער פון וועג מיט אַ ברייעף אין דער האנד׳

די אלמנה:

מיין מאַן האָט מיר אַ בריוועל געשריבען, איך זאָל מיט די קינדער קומען אַריבערצוגעהען, ווייס איך נישט דעם וועג אַליין, ווילט איהר מיר נישט דעם וועג ווייזען?

יוסף:

אָט דאָ אויף דעם שטעג, צו דעם שלאַג־בוים.

אלמנה:

דאָרט, וואו עס איז אַזוי פינסטער?

יוסף:

עס ווערט דערנאָך ליכטיג.

אלמנה:

ווי אַזוי וועל איך מיט מיינע קינדער זעהען אין דער פינסטער?

יוסף:

איהר וועט געפינען אַ וועג.

די אלמנה מיט די קינדער געהען אין וועג אריין.

אלמנה:

דער וועג איז פינסטער, מען זעהט קיין ליכט. עס זאָל מיר נור, חלילה, די קינדער גאָר נישט געשעהען. טוליעט די קינ־דער צו זיך. האלט אייך אָן ביי מיין קלייד, איהר זאָלט מיר נישט אין דער פינסטער פערלוירען געהען.

דאָס יונגעל

מיט פרייד:

מאַמע, מאַמע, איך זעה פון דערווייטענס ליכט.

די מוטער:

וואו, וואו? עס איז דאָך פינסטער אַרום און אַרום.

דאָס מעדעל:

דאָרטען, מאַמע, שיינט פון פענסטער אַרויס אַ ליכט און שטראַהלט אַהער צו אונז.

דאָס יונגעל:

מען קען עס זעהען פון דאַנען, עס בעלויכט אונז דעם וועג.

דאָס מעדעל:

ווי אַ לאַמטעריל שיינט דאָס ליכט פון פענסטער גלייך צו אונז.

די מוטער:

איך זעה גאָר נישט, נור פינסטער אַרום איז אומעטום.

די קינדער:

קום מיט אונז, קום מיט אונז. פיהרען די מוטער ביי דער האַנד.

דאָס מעדעל

מיט פרייד:

יעצט זעהט מען אַ פענסטער, אויפ'ן פענסטער שטעהט די לאָמפּ און בעשיינט אונז דעם וועג.

דאָס יונגעל:

זעה, זעה, עס זיצט ווער ביים פענסטער און קוקט אַרויס אויף אונז...

דאָס מעדעל:

עס איז אַ מאַן מיט אַ שוואַרץ רונדיג בערדיל, ער זיצט ביים פענסטער און האַלט דעם קאָפּ אויף דער האַנד.

דאָס יונגעל:

און קוקט גלייך אויף אונז.

דאָס מעדעל

מיט פרייד:

עס איז דער טאַטע, מאַמע, איך ערקען איהם, ער זיצט ביים פענסטער און וואַרט אויף אונז.

די אלמנה:

וואו? וואו?

די קינדער:

דאָרט... דאָרט... פון וואַנען דאָס ליכט קומט, פערשוואונדען אין טונקעלהייט.

יוסף:

מעלכער איז די גאנצע צייט געזעסען אליין אויף א שטיין, רעדט צו זיך:

אַלע, אַלע קומען זיי צו געהען, נור זי איינע אַליין. אַזוי זיץ איך דאָ אויף דעם שייד-וועג פון טויט און לעבען און וואַרט, און וואַרט...

עס געהט אדורך ר׳ נחמיה מיט׳ן פעקיל אויף די פלייצעס און שטעקען אין דער האנד.

יוסף:

האָט איהר אפשר מיין כלה געטראָפען אויפ׳ן וועג?

ר׳ נחמיה:

ווער? ר׳ חנני׳ס טאָכטער, דינה בת מלכה?

יוסף:

טאַקע זי.

ר׳ נחמיה:

זי קומט צו געהען, זי קומט צו געהען. פויזע. נאָך ווייט אין שטאָדט אַריין?

יוסף:

נישט ווייט.

ר׳ נחמיה:

נישט געוואוסט, דער וועג איז אַזוי בעקאַנט.

יוסף:

געוועזען אַמאָל דאָ?

ר׳ נחמיה:

נישט איינמאָל, כמעט ביי דער גרענעץ.

יוסף:

ווייסט איהר דאָך אַליין צו געהען?

ר׳ נחמיה:

מיט גאָט׳ס הילף וועל איך טרעפען דעם וועג. איך וועל

געהען אין ערשטען בעסטען בית-המדרש אריין, און וועל זיך אוועקשטעלען ביי דער טהיר. צווישען אזוי פיעל אידען, אהן עין הרע, וועל איך חלילה נישט פערפאלען ווערען, עס וועט זיך געפינען ב״ה א איד, וואס וועט וועלען א מצוה פערדיענען, און א אורח צו זיך אין שטוב אהיים נעהמען. וואס האב איך צו זארגען? נו, האט מיר א גוטן תמיד, עס ווערט שפעט. נעהמט דאס האנד און געהט אריבער דעם שלאג-בוים, ביז ער ווערט פערפאלען אין חושך.

יוסף

קוקט אים נאך:

איהם איז גוט... איהם איז גוט...

עס קומען אן דריי יונגליך.

יונגליך

צו יוסף'ן:

נעהמט אונז מיט, נעהמט אונז מיט.

יוסף:

וואו אהין?

די יונגליך:

דארט אהין, פון וואנען איהר קומט.

יוסף:

עס איז נאך צו פריה. עס איז נאך צו פריה.

ערשטער יונגעל:

דא איז הונגער, דארט איז דא ברויט.

צווייטער:

דא איז שלעכט, דארט איז גוט.

אלע דריי

בעטען זיך:

נעהמט אונז מיט, נעהמט אונז מיט.

ערשטער יונגעל:

מיר וועלען זיך פון אונטען אויפכאפען.

צווייטער:

אויפן דישעל זיך זעצען.

דריטער:

מיר וועלען זיך איינקאָרטשען, גאָר נישט קיין פלאַץ פער־
נעהמען.

אלע דריי

בעטען זיך:

נעהמט אונז מיט, נעהמט אונז מיט.

יוסף:

וועט איהר שטיל זיין?

יונגליך:

קיינער וועט אונז נישט הערען, קיינער וועט אונז נישט
זעהען.

יוסף:

דאָרט גנב'עט אייך די גרענעץ אַריבער, איהר זעהט ביי דעם
שלאַג־בוים, וועט איהר קומען אַהין. נור שאַ, שטיל. אַז
מען וועט אייך הערען, וועט מען אייך פון וועג צוריק
טרייבען.

די יונגליך געהען אָב אין דער שטיל מיט לייכטע טריט צום שלאַג־בוים.

ערשטער יונגעל

לאַכט אויף:

אוי, ווי גוט!

צווייטער יונגעל:

וואָס איז גוט? פערצעהל, פערצעהל.

ערשטער:

פיהלסט נישט, ניין.

דריטער:

שאַ, זייט שטיל, מען וועט הערען אונזערע טריט.

פויזע.

ערשטער

לאַכט אויף:

איך פליה, איך פליה.

צווייטער:

וואו? וואו?

ד ר י ט ע ר

וויינט:

לאָזט מיך נישט אַליין.

ע ר ש ט ע ר:

כאַפּט דיך אויף, כאַפּט דיך אויף.

צ ו ו י י ט ע ר:

אָט שוין, אָט שוין.

ד ר י ט ע ר

מיט פרייד:

איך אויך, איך אויך.

אַ ל ע ד ר י י

שרייען אויס:

אוי, ווי שען!

ע ר ש ט ע ר:

איך שוועב אין די וואָלקען אַרום, אוי, ווי שען! אַזוי פיעל בלאָע פאָרהאַנגען, און זיי פּוכערן אַזוי, ווי אַ ווינד וואָלט אין זיי געבלאָזען. פון איינעם פליה איך אַריין, אין אַנדערן אַרויס. אָ, איך יאָג מיך נאָך דער לבנה נאָך! אוי, ווי שען, מאַמע קרוין!

ב י י ד ע י ו נ ג ל י ך:

וואו ביסטו, יוסעלע, וואו?

ע ר ש ט ע ר:

אָט דאָ, אָט דאָ.

ב י י ד ע צ ו ו י י:

וואַרט אויף אונז... וואַרט אויף אונז...

ע ר ש ט ע ר:

קומט מיט.

ב י י ד ע:

וואו? וואו?

ע ר ש ט ע ר:

דאָ... דאָ...

ב י י ד ע:

מיר זעהען אויך, מיר זעהען אויך.

צווייטער:

איך זעה טישען געדעקט מיט אזוי פיעל ברויט.

דריטער:

מיט פיש און פלייש.

ערשטער:

נישט דאָרט, נישט דאָרט, ווייטער, ווייטער.

ביידע צוויי:

וואו?... וואו?...

ערשטער:

דאָ... דאָ...

צווייטער:

און איך זעה טישען, לאַנגע געגרייטע טישען מיט אַלדאָס גוטס, גרויסע חלות ליעגען אויף זיי און ווייבער מיט ברי־ליאַנטען פיעל זיצען אַרום זיי. אָ, עס איז אַ חתונה היינט, אָדער אַ ברית, מען טיילט גרויסע שטיקער פיש. לעקעכער שטעהען אויסגעשטעלט און מען שניידט זיי...

דריטער:

אַ באָבע האָט מיר געגעבען אַ רויטען עפּעל פון טיש, אוי ווי גוט! אַ פולע האַנד מיט ראָזשינקעס און מאַנדעלן. זעהט, איך האָב אַ פולע טאַש מיט ניס!

ערשטער:

ווייטער קומט, ווייטער, צום בלויען ים. דאָרט צום זילבער־נעם ברעג.

צווייטער:

איך זעה נור טישען מיט ברויט.

דריטער:

ווייסע חלה מיט געפּיהלטע פיש.

ערשטער:

ווייטער קומט, ווייטער. דאָרטען זעהט, פון הימעל אַראָב רייט ער, פון וואָלקענס אויף אַ ווייס פערד, אַ תורה האַלט ער אין דער האַנד, און אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ.

ביידע:

ווער? ווער?

ערשטער:

משיח קומט... משיח...

ביידע:

וואו?... וואו?...

ערשטער

מיט די לעצטע כוחות:

דאָרטען ווייטער, ווייטער...

די קינדער פארשווימען וואָס אמאָל מעהר אין די וואָלקענס אריין.

ביידע יונגליך

מיט געהיין:

מיר זעהען נור טישען מיט ברויט.

ערשטער:

שטימע פון די וואָלקענס ארויס:

ווייטער... ווייטער... ווייטער...

פארשווינדען.

פון דער טיפער פינסטערניש שניידט זיך אויס דינה'ס געשטאַלט, וואָס טרעט וואָס אמאָל מעהר בולט'ער ארויס פון דער פינסטערניש, און דערנעהנטערט זיך צום וועג. יוסף, וועלכער האָט די גאַנצע צייט אויסגעוואַרט אויף דינה'ן, געהט איר אקעגען.

יוסף

רופט צו איהר:

לאַנג זיך איך דאָ און וואַרט אויף דיר.

דינה

פון די פינסטערניש ארויס:

דער פאָטער האַלט מיך צוריק.

יוסף:

אַלעס איז צו דער חתונה גרייט. די חופה שוין אויסגע־
שפרייט, די ליכט שוין אָנגעצונדען.

דינה

וואָס קומט וואָס אמאָל קלעהרער ארויס פון די פינסטערניש:

איך קום צו געהען, איך קום צו געהען. זי קומט ארויס פון
די פינסטערניש.

יוסף נעמט זי אונטער דער אָרים, און געהט מיט איהר איבער דעם וועג:

גענאָרימט געהען מיר, האַנד אין האַנד, פון די וועלט אַרויס, אין די אַנדערע אַריין.

דינה:

פון שלעכטס צו גוטס, פון אונגליק צו גליק, פון צער צו פרייד.

יוסף:

טריט ביי טריט געהען מיר, אונטער אַ שוואַרצע חופּה־טוך, טהרה־ליכט בעלויכטען אונזער וועג, פון די וועלט אַרויס, אין דער אַנדערער אַריין.

דינה:

פון אונרוהיגקייט צו רוה.

יוסף:

צו שווייגענדער שטילקייט.

דינה:

וואָס איז דאָס אַרום מיר? איך פיעל, ווי עס וואָלט מיך ווער אָנגעריהרט.

יוסף:

עס איז די מוטער אַרום אונז.

דינה:

די מוטער?

יוסף:

די שטענדיקע.

פויזע.

דינה:

פאַר וואָס זעה איך נישט קיין ליכט?

יוסף:

ליכט איז אויף יענער זייט.

דינה:

װאו?

יוסף:

אונטער אונז.

דינה:

און פאַר אונז?

יוסף:

די מאַמע פינסטערניש אַליין.

דינה:

ווער שטענדיק אַזוי זיין?

יוסף:

מיר קומען אַהיים...

פויזע.

יוסף:

נעהם מיט אַ חלום דיר פון לעבען נאָך דיין טויט, אַז דו זאָלסט האָבען מיט וואָס אויסצופיהלען אויף יענער זייט דיינע פינסטערע טעג.

דינה:

איך זעה נור פינסטערניש אַליין.

יוסף:

ביי דעם לעצטען טריט פון די וועלט אין יענער אַריין, נעהם מיט אַ חלום דיר פון לעבען אויפ׳ן נאָכ׳ן טויט.

דינה:

וואו זענען די חלומות?

יוסף:

קוק אין דיר אַריין, זוך אויס אַ שטראַהל ליכט, וועב דיר אויס איהם אַ חלום אויס, פאַר דיינע פינסטערע טעג.

דינה:

איך געדענק גאָר נישט פון יענעם לעבען, אַלעס זינקט אין אַ נעבעל איין, נור איינצעלנע ליכטלעך טויכען אויף און פערשווינדען, זיי געדויערן נור איין אויגענבליק.

יוסף:

כאַפּ אויף אַ ליכטעל דיר, זאָל עס דיר בעלויכטען דיין לעצטען טריט.

דינה:

איך קען נישט אַליין, איך זינק צוריק אי פינסטערניש אַריין; העלף מיר, יוסף, אויפהויבען ליכט.

יוסף:

עס חלומ׳ען נור די לעבעדיקע, די טויטע זענען טויט. שטעלט זיך אָב. עס איז דער לעצטער אויגענבליק, דער לעצטער טריט.

דינה זוכט אין זיך. שווייגט.

יוסף:

פערצעהל, פערצעהל.

דינה:

מיט פרייד:

יעצט זעה איך, עס שטייגט אויף צו מיר אַ ליכט.

יוסף:

חלום גוט... חלום גוט...

דינה:

איך זעה חופה־ליכט, מעדליך טאַנצען אַ קראַנץ אַרום מיר, חופה־שטאַנגען. אַ חופה ווערט אויסגעשפרייט. עס בלישטשען די גאָלדענע פליטערליך אין שווארצען סאַמעט אַרום, ווי גליה־ווערים אין די נאַכט, דאָ לייכטען זיי אויף, דאָרטען גייען זיי אויס.

יוסף:

חלום גוט... חלום גוט...

דינה:

ווי זי וואָלט זיך דערמאַנט:

כלי־זמרים שפּיעלען הינטער דער טהיר, די מאַמע אין אַ נייע קלייד טראָגט אויף די גאָלדענע יוך אויף אַ ווייס געדעק־טען טיש...

יוסף

בעט זיך:

נעהם מיך מיט אין דיין חלום אריין, איך בין אָרים און טויט.

דינה

מיט פרייד:

עס זיצט דער חתן נעבען מיר, אין ווייסען געוואַנד און שווארצען בעקלייד, איך זאָג צו איהם: „יוסף, מיין קרוין"...

נעהמט איהר אַרום און בעהט.

יוסף:

טריט ביי טריט געהען מיר, אונטער אַ שוואַרצען חופּה־טוך,
טהרה־ליכט בעלויכטען אונזער וועג פון די וועלט אַרויס,
אין יענער אַריין.

דינה:

האַנד אין האַנד געהען מיר, חתן דו מיין, עס איז דאָך
אונזער חתונה־נאַכט היינט. דינה בלייבט פּלוצים שטעהען, הערט
זיך צו עפּעס איין. פון דערווייטענס הערען זיך מענשליכע שטימען
רופען.

דינה:

דער פאָטער רופט מיך צוריק.

יוסף:

קוק דיך נישט אום, האַלט דיך פעסט אין מיין האַנד.

דינה:

דיין האַנד ווערט אַזוי שוואַך, ווי זי וואָלט נור בלויז וואַ־
סער געווען, קום וואָס איך פיהל זי.

יוסף:

האַלט דיך פעסט אָן אין מיר, נאָך איין אויגענבליק, נאָך
דעם לעצטען טריט, מיר זענען באַלד ביי אונזער ציעל.

דינה:

דו צורינסט אַזוי ווי לופט, איך פיהל דיך נישט מעהר.
וואו ביסטו, וואו?...

יוסף:

דאָ ביי דיר, האַנד אין האַנד געה איך מיט דיר.

דינה:

ווער שניידט מיך אָפּ פון דיר? פערהוילען ווערס דו ווי אין
אַ נעבעל.

יוסף

בעט זיך ביי איהר:

געה נישט אַוועק פון מיר, איך בין נאַקעט און אַליין.

דינה:

ווער ציהט מיך אַוועק פון דיר? דו פערשווינדסט, נור בלויז
ווי אַ שאָטען וואָלט בעגאַנגען נעבען מיר.

**יוסף**

וועלכער איז וואָס אַמאָל מעהר אויסגעלאָשענער געוואָרען, בעט זיך, מען הערט נור זיין שטימע און אַ שוואַכע סקעטאַ פון איהם ווי אַ שאָטען.

איך בין אָרים, איך בין טויט. קיינער איז נישט מיט מיר, נור מיין נאַקעט לייב. שענק מיר אַ חלומ׳ל אַ קליינס, צו נעהמען מיט מיר אין קבר אַריין, צו בעלויכטען מיינע פינסטערע טעג.

**דינה:**

וואַרט אויף מיר... וואַרט אויף מיר...

**יוסף:**

מיט וואָס זאָל איך אויספיהלען מיינע פינסטערע טעג?

**דינה:**

מיט בענקשאַפט, ווי פריהער.

**יוסף**

פערשווינדענדיג, זאָגט מיט אַ בענקענדע שטימע:

אָ, מיינע נישט-דערלעבטע טעג, אָ מיינע אונגעצעהלטע יאָהרען! מיין אונגעגעסען ברויט! מיין צער און מיין פרייד פון מיינע אונגעלעבטע טעג ליגען ערגעץ אין אַווינקעל פערשטעקט, קיינער פרעגט נישט אויף זיי, קיינער קומט נישט נאָך זיי, ווערען מיט שפינוועבס בעוועבט... מען הערט זיין וויינענדיג קול.

**דינה:**

וואָס וויינסטו?

**יוסף**

וועלכער איז שוין פערשוואונדען פון דער נאַכט אַרויס:

אויף דעם, וואָס האָט מיך געשאָכטען אַזוי פריה, און פון דער וועלט מיך געשיקט נאַקעט און בלויז.

**דינה:**

נאָכרופענדיג איהם:

האָב רוה... האָב רוה...

דער נעבעל ווערט וואָס אַמאָל שיטערער, עס לייכט זיך אויס ווי פאַרטאָגס. די שטימען, וואָס מען האָט פון פריהער געהערט, הערט מען וואָס אַמאָל מעהר בולטער און קלעהרער, ביז עס ערשיינט אַ סצענע און אַ שטוב ווי אין צווייטען

אקט. דינה ליעגט אין פאָטער'ס אָרים פערשמאַכט, ווייבער ארום איהר. יוסף דרעהט זיך איינער אליין ארויף און צראַב איבער דער שטוב.

ערשטע פרוי:

זי האָט אויפגעעפענט די אויגען.

א צווייטע:

זי האָט בעוואויגען מיט די ליפען.

א דריטע:

זי האָט געשלוכצען.

ערשטע:

דאָס האָט אַלעס די מילך אָנגעמאַכט.

צווייטע:

ניין, די מעדיצין.

א פרוי

מיט פרייד:

זי וועט לעבען, זי וועט לעבען...

ר' חנן:

גלויבט צו גאָט דערפאַר. לעגט די טאָכטער אוועק אויפ'ן שעניק און קוקט זיך צו איהר איין.

יוסף

קומט נעהנטער אָנצוגעהען צום חולה מיט די הענד אויף הינטען פערלעגט און פרעגט פלעגמאטיש:

וואָס הערט מען מיט'ן חולה?

אלע קוקען איהם אָן פערפרעמדט, מיט מורא, קיינער ענטפערט איהם נישט. יוסף געהט אַב, נישט צו בעקומענדיק קיין ענטפער, דרעהט זיך ווידער ארום צווישען עולם, וועלכען דער עולם מיידט אויס. אלע קוקען איהם נאָך פערפרעמדט.

ערשטע פרוי:

צייט ער האָט זיך בעוויזען צווישען אונז. קרעכצט.

צווייטע:

וואָס איז דער וואונדער, ער איז געקומען פאָדערן דאָס דייניגע.

דריטע

דערשראָקען:

וואָס ס'דייניגע? וואָס מיינט איהר?

ר' חנן קוקט זיך איין צו די פרויען שוויינענדיג.

אַ נ׳אַ נ ד ע ר ע:

געהט שוין, וואָס זי רעדט!

צ ו ו י י ט ע:

זי ווייס שוין, וואָס זי רעדט.

ט ה י י ל פ ו ן ע ו ל ם:

וואָס מיינט זי, וואָס?

ע ר ש ט ע:

איהר זעהט דען נישט, צייט ער האָט זיך בעוויזען צווישען אונז, איז דאָך דער טויט צווישען אונז.

צ ו ו י י ט ע פ ר ו י:

צום ערשט האָט ער די מאַמע אַהין גענומען.

ד ר י ט ע:

דערנאָך ר׳ נחמיה׳ן, דעם סוחר פון די אָקסען, די אלמנה מיט די קינדערליך.

ע ר ש ט ע:

און וויפיעל קינדערליך?

אַ נ׳אַ נ ד ע ר ע:

אַלע, וואָס האָבען זיך ביי איהם נאָכגעפרעגט אויף יענעם לאַנד, האָט ער אַלע דאָרטען אַהין געשיקט אויפ׳ן בערגיל, ביים וועלדיל, אונטער דער שטאָדט. איהר פערשטעהט דאָך, וואָס ער האָט געמיינט?

אַ ל ע:

וואָס? וואָס?

א י ד ע נ ע:

דאָס בית-עולם.

ט ה י י ל:

וועה צו אונז, וואו זענען אונזערע אויגען געווען.

דער עולם קוקט אויף יוספ׳ן מיט שרעק.

א י י נ ע ר פ ו ן ע ו ל ם:

איהר זעהט דאָך, אַז ער איז אַ טויטער: זעהט, ווי ער געהט.

אַ א י ד ע נ ע

קוקט אויף די קראַנקע דינה:

ער איז נאָך ס׳זייניגע געקומען.

**אַ צווייטע:**

קען נעבעך ניט אין קבר איינרוהען, אַזוי פּריה פון דער וועלט אַוועק.

**אַ דריטע:**

עס איז קיין וואונדער נישט, אַזוי פיעל יונגע מענשען פון דער וועלט געשיקט. ליעגען דאָרט אין דר׳ערד און בענקען נאָך ס׳זייעריקע, וואָס זיי האָבען געלאָזט. זיי האָבען דאָך נאָך גאָר נישט געלעבט, רייסען זיי זיך צו קומען צוריק.

**אַ איד:**

נאַרישע ווייבער, וואָס רעדט איהר? די טויטע קומען צוריק — וואו איז עס געהערט געוואָרען?

**די ווייבער**

(ייזען אויף יוספ׳ן)

איהר זעהט דאָך! די טויטע קומען צוריק.

**ערשטע:**

שלעפּען אונז מיט מיט זיך אין די נאַקעטע גרוב אַריין.

**צווייטע:**

זיי פאָדערן חשבון, זיי פאָדערן דין, פאַר זייערע יונגע טעג.

**דריטע:**

וואָס. ליעבען וועלן זיי אונז לאָזען?

דער עולם ווערט וואָס אמאָל מעהר אַנגעשטיקט מיט שרעק, קוקען איינער אויפן אנדערן.

**אַ אידענע**

שרייט אויס:

וועה צו אונז, די טויטע קומען נאָך אונז!

דער עולם ווערט וואָס אמאָל מעהר אַנגעשטעקט מיט שרעק, אנטלויפען אין די ווינקעלן און שרעקען זיך פאַר יוספ׳ן.

**ר׳ חנן**

וועלכער האָט זיך פאַר דער גאַנצער צייט איינגעהערט מיט אַנגעשטרענגטקייט צו די ווייבער, הויבט זיך פלוצים אויף פון דינה׳ס געלעגער, געהט צו צו יוספ׳ן, וועלכער איז דיר גאַנצער צייט שוין געווען אפּגעזונדערט פון עולם. ר׳ חנן

געהט הארט צו צו איהם, שטעלט זיך הארט נעבען איהם און קוקט איהם אין די אויגען אריין:

ווער ביסט דו? זאָג, ביסט דו פון די לעבעדיקע, בלייב
צווישען די לעבעדיקע, ביסט דו פון די טויטע—געה אין
דיין רוה אַריין!

יוסף קוקט איהם אָן מיט קאלטע אויגען און בלייבט שטעהען נישט צו ענטפערן, א לאנגע פויזע.

ר חנן

מיט געביינזער:

וואָס ווילט איהר פון אונז? וואָס קומט איהר צו געהען?
מיר מוזען אָנהויבען צו לעבען אויפ'ס ניי.

יוסף קוקט איהם אָן, ציטערט און שווייגט. פויזע.

ר' חנן:

מיט אַ שטעקען וועל איך אייך יאָגען צוריק אין אייער
קבר אַריין, פער'חתמ'ענען וועל איך דאָס קבר איבער אייך.
לאָזט אונז צו רוה, מיר מוזען לעבען!

יוסף ציטערט וואָס מעהר.

ר' חנן

הויבט אויף די האנד אויף איהם:

צוריק אין אייער רו אַריין!

יוסף געהט אָב מיט לאנגזאמע טריט.

פ א ר ה א נ ג